קינדער ביבליאָטעק „טאָמאָר״

# לעוו טאָלסטאָי

## פאַר קינדער

איבערזעצט ג. מייזיל

ווילנע — 1928

פאַרלאַג „טאָמאָר״ פון יוסף קאַמערמאַכער

# פּאַבּלען.*)

## די מוראַשקע און דאָס טייבעלע.

אַ מוראַשקע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צום טייכל. איר האָט זיך פאַרגלוסט אַ טרונק. האָט אַ כוואַליע זי פאַרגאָסן און שיר זי ניט דערטרונקען. אַ טייבעלע האָט געטראָגן אַ צווייגל; זעט זי — אַ מוראַשקע טרינקט זיך. האָט זי איר אַ וואָרף געטאָן דעם צווייגל גלייך אין טייכל אַריין. די מוראַשקע איז אַרויפגעקראָכן אויפן צווייגל, און אַזוי אַרום זיך געראַטעוועט. שפּעטער האָט אַ יעגער געכאַפּט דאָס טייבעלע אין אַ נעץ, און שוין געוואָלט די נעץ פאַרהאַקן. אָבער דאָ איז צום יעגער צוגעקראָכן די מוראַשקע און האָט אים אַ ביס געטאָן אין פוס. דער יעגער האָט אַן אויקע געטאָן און האָט אַרויסגעלאָזט די נעץ פון די הענט. האָט דאָס טייבעלע אַ פאָכע געטאָן מיט די פליגל און איז זיך אַוועקגעפלויגן.

## דער שילדקרעט און דער אָדלער.

אַ שילדקרעט האָט זיך געבעטן ביי אַן אָדלער, אַז יענער זאָל אים אויסלערנען פליען. דער אָדלער האָט אים אָפּגערעדט פון דעם און געזאָגט, אַז דאָס איז ניט פאַר אים קיין אַרבעט. אָבער ער איז פון דעם אָדלער ניט אָפּגעשטאַנען. האָט דער אָדלער אים אָנגענומען מיט די נעגל, אויפגעהויבן אים אין דער

*) איבערגעזעצט פון עזאָפּן, איבערגעמאַכט פון אידיש און נאָכגעמאַכט.

הייך און דאָרט אים אָפּגעלאָזט: דער שילדקרעט איז אַראָפּגע־
פאַלן אויף שטיינער און האָט זיך צעקלאַפּט.

## דער טכויר.

אַ טכויר איז אַריין צו אַ קופּערשמיד און גענומען לעקן
דעם אייזן־זעגבעק. האָט פון דעם טכוירס צונג אָנגעהויבן צו
טריפן בלוט. אָבער ער האָט זיך געפרייט, נישט אויפגעהערט
צו לעקן און געמיינט, אַז דאָס בלוט גייט פונעם אייזן. אַזוי אַרום
האָט ער זיך געפּטרט דעם גאַנצן צונג.

## דער לייב און די מויז.

אַ לייב איז געשלאָפן. פּלוצים איז איבער זיין לייב דורכ־
געלאָפן אַ מויז. האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און זי געפּאַקט. די
מויז האָט זיך גענומען בעטן ביי אים; זי האָט געזאָגט: „לאָזט מיך
אָפּ, וועל איך זיך אויף דיר אַמאָל אויך דערבאַרימען". דער
לייב האָט זיך צעלאַכט פון דעם, וואָס אַ מויז זאָגט אים צו
אַ טובה טאָן, און האָט זי פריי־געלאָזט.

שפּעטער האָבן יעגער געכאַפּט דעם לייב און אים צוגע־
בונדן צו אַ בוים. די מויז האָט דערהערט, ווי דער לייב ברילט,
איז זי געקומען צו לויפן, איבערגעביסן די שטריק און האָט גע־
זאָגט: „דו געדענקסט, ווי דו האָסט געלאַכט און זיך ניט גע־
וואָלט גלויבן, אַז איך וועל דיר קאָנען אָפּדאַנקען. איצט זעסטו
שוין, אַז אַ מויז קאָן אויך אַמאָל אַ טובה טאָן".

## דער ליגנער.

אַ ייִנגל האָט געפּאַשעט שאָף, און פּונקט ווי ער וואָלט
דערזען אַ וואָלף, האָט ער גענומען רופן: „ראַטעוועט—אַ וואָלף,
אַ וואָלף". די דאָרפסלייט זיינען געקומען צו לויפן, זעען זיי: עס
הייבט זיך ניט אָן. אַזוי האָט ער אָפּגעטאָן אַ צווייטן און אַ
דריטן מאָל, ביז עס האָט זיך געטראָפן, אַז אַ וואָלף איז אין
דער אמתן אָנגעלאָפן. דער ייִנגל האָט גענומען שרייען: „אַהער,
אַהער, גיכער—אַ וואָלף". די דאָרפסלייט האָבן געמיינט, אַז ער

נאַרט זיי ווייטער אָפּ, ווי זיין שטייגער איז—האָבן זיי זיך ניט צוגעהערט צו זיינע געשרייען. זעט דער וואָלף, ניטאָ וואָס מורא צו האָבן: האָט ער פריי אויסגעקוילעט די גאַנצע טשערעדע.

## דער אייזל און דאָס פערד.

איין מענטש האָט געהאַט אַן אייזל מיט אַ פערד. איינמאָל זיינען זיי געגאַנגען אין וועג. זאָגט דער אייזל צום פערד: „מיר איז שווער, איך וועל ניט דערשלעפּן די גאַנצע משא; נעם כאָטש אַ ביסל אַראָפּ פון מיר". דאָס פערד האָט זיך ניט צוגעהערט צו זיינע רייד. דער אייזל האָט זיך אונטערגעריסן און איז געשטאָרבן. דער בעל־הבית האָט איבערגעלייגט די גאַנצע משא פונעם אייזל אויפן פערד און אַחוץ דעם נאָך די פעל פונעם אייזל אויך. האָט זיך דאָס פערד צעיאָמערט:

„ווי איז מיר, דעם אָרימען, וויי און ווינד איז מיר, דעם אומגליקלעכן. איך האָב אים אַ ביסל ניט געוואָלט צוהעלפן,— שלעפּ איך איצט די גאַנצע משא, און דערצו נאָך זיין פעל אויך".

## די קראָ און די טייבעלעך.

אַ קראָ האָט דערזען, אַז די טייבעלעך גיט מען גוט צו עסן, האָט זי זיך אויסגעווייסט און איז אַריינגעפלויגן אין אַ טויבן־שלאַק. די טייבעלעך האָבן קודם אויף איר געמיינט, אַז זי איז אויך אַ טויב, האָבן זיי אַריינגעלאָזט זי צו זיך. אָבער די קראָ האָט זיך לאַנג ניט געקאָנט איינהאַלטן און האָט זיך באַלד צעשריען אויף קראָעריש. דאַמאָלסט האָבן די טייבעלעך אָנגעהויבן זי צו פּיקן, און זיי האָבן זי דורכגעטריבן. איז זי צוריק אַוועקגעפלויגן צו איריקע, אָבער די קראָען האָבן זיך דערש־אָקן, וואָס זי איז אַ ווייסע, און זיי האָבן זי אויך דורכגעטריבן.

## די בעל־הביתטע און די הון.

אַ הון האָט געלייגט יעדן טאָג אַן אייעלע. די בעל־הביתטע האָט געמיינט, אַז אויב זי וועט דער הון געבן מער צו עסן,

וועט יענע לייגן צוויי מאָל אַזויפיל אייער. האָט זי אַזוי טאַקע געטאָן. אָבער די הון איז שטאַרק פעט געוואָרן און האָט אינגאַנצן אויפגעהערט צו לייגן אייער.

## דער לייב, דער בער און דער פוקס.

אַ לייב מיט אַ בער האָבן ערגעץ געקראָגן פאַר זיך פלייש און האָבן נישט געקאָנט זיך מיטן פלייש צעטיילן. האָבן זיי אָנגעהויבן צו שלאָגן זיך, און קיין איינער פון זיי האָט ניט געוואָלט נאָכגעבן. זיי האָבן זיך געשלאָגן און געשלאָגן, ביז זיי זיינען מיד געוואָרן און זיינען געבליבן ליגן אָן כוחות. אַ פוקס האָט דערזען דאָס שטיקל פלייש, האָט ער עס אַ כאַפּ געטאָן און איז מיט דעם אַנטלאָפן.

## דער הונט, דער האָן און דער פוקס.

אַ הונט מיט אַ האָן האָבן זיך אין צווייען געלאָזט וואַנדערן. פאַרנאַכט איז דער האָן איינגעשלאָפן אויף אַ בוים, און דער הונט האָט זיך צוגעשפּאַרט ביי דעם זעלבן בוים צווישן די שטאַמען. ווען די צייט איז געקומען, האָט זיך דער האָן צעקרייט. דער פוקס האָט דערהערט, געקומען צו לויפן און אָנגעהויבן פון אונטן אַרויף צו בעטן, אַז דער האָן זאָל אַראָפּגיין צו אים; עס גלוסט זיך אים, כלומרשט, אָפּגעבן דעם האָן גרויס כבוד דערפאַר, וואָס יענער האָט אַזאַ גוטע שטים. דער האָן האָט געזאָגט: „מען דאַרף קודם אויפוועקן דעם וועכטער—ער שלאָפט צווישן די שטאַמען. זאָל ער אויפשליסן, וועל איך אַראָפּגיין". האָט דער פוקס אָנגעהויבן צו זוכן דעם וועכטער און האָט זיך פאַרהוסט. דער הונט איז האַסטיק אויפגעשפּרונגען און האָט דערוואָרגן דעם פוקס.

## דאָס פערד און דער פערד-יונג.

אַ פערד-יונג האָט געגנבעט ביים פערד זיין האָבער, דעם האָבער פאַרקויפט, אָבער דעם פערד יעדן טאָג געריייניקט און געפּוצט. רופט זיך אָן דאָס פערד צום פערד-יונג: „אויב דו ווילסט אויף אַן אמת איך זאָל אויסזען שיין, טאָ פאַרקויף זשע ניט מיין האָבער".

## די זשאבע און דער לייב.

א לייב האט דערהערט, ווי א זשאבע קוואקעט, האט ער געמיינט, אז א גרויסע חיה שרייט אזוי הויך. שפעטער א ביסל איז די זשאבע ארויסגעקראכן פון דער בלאטע. דער לייב האט זי צעקוועטשט מיט דער לאפע און האט געזאגט: „ניטא אויף וואס צו קוקן און איך האב זיך דערשראקן".

## די ליבעלע און די מוראשקעס.

ביי די מוראשקעס איז הערבסט=צייט נאס געווארן זייער ווייץ; האבן זיי דעם ווייץ געטריקנט. קומט צו זיי א הונגעריקע ליבעלע און בעט ביי זיי עסן. און די מוראשקעס זאגן צו איר: „פארוואס זשע האסטו פאר זיך זומער ניט צוגעגרייט קיין עסן?". ענטפערט זי: „קיין צייט ניט געהאט: איך האב לידער געזונגען". די מוראשקעס האבן זיך צעלאכט און געזאגט צו איר: „זומער האסטו געזונגען, טא גיי זשע ווייטער טאנצן".

## די הון און די גאלדענע אייער.

א הון האט געלייגט גאלדענע אייער. דעם בעל=הבית האט זיך פארוואלט מיט אמאל צו האבן א סך גאלד, האט ער געקוילעט די הון (ער האט געמיינט, אז אינווייניק ליגט ביי איר א גרויסע שטיק גאלד). אבער די הון איז געווען פונקט אזא, ווי אלע אנדערע הינער.

## דער אייזל אין דער פעל פון א לייב.

אן אייזל האט אמאל אנגעטאן אויף זיך א לייבן=פעל. אלע האבן געמיינט אויף אים, אז ער איז א לייב, און מענטשן און חיות האבן געהאלטן אין איין אנטלויפן פון אים. א ווינט האט גראד א בלאז געטאן, צעעפנט די פעל, און אלע האבן דערזען דעם אייזל. באלד איז זיך צונויפגעלאפן א גרויסער עולם, און דער אייזל האט געכאפט גוטע קלעפ.

# די הון און דאָס שוועלבעלע.

אַ הון האָט געפונען אייער פון אַ שלאַנג און גענומען זיי אויסוואַרימען. אַ שוועלבעלע האָט עס דערזען און געזאָגט צו איר:

„אָט אַ נאַרישע! דו וועסט זיי אויסוואַרימען, און ווען זיי וועלן אונטערוואַקסן, וועלן זיי פריער פון אַלע דיך טאַקע באַליידיקן".

# דער אַלטער און דער יונגער הירש.

אַ יונגער הירש האָט איינמאָל געזאָגט צום אַלטן:

„פאָטער-לעבן, דו ביסט דאָך גרעסער און פלינקער פון די הינט, און דערצו האָסטו נאָך הערנער גוואַלדיק גרויסע אויף צו פאַרטיידיקן זיך, פאַרוואָס זשע ציטערסטו אַזוי פאַר די הינט?". דער אַלטער הירש האָט זיך צעלאַכט און האָט געענטפערט:

„דעם אמת זאָגסטו, קינד מיינס. אַן אומגליק אָבער: קוים דערהער איך, אַ הונט בילט, איז איידער איך גיב אַ טראַכט, לויף איך שוין".

# דער פוקס און די וויינטרויבן.

אַ פוקס האָט דערזען אין דער הייך הענגען צייטיקע וויינטרויבן. האָט ער גענומען זוכן אַן עצה, ווי אַזוי זיי צו באַקומען.

ער האָט זיך לאַנג געמאַטערט, אָבער בשום אופן ניט געקאָנט צו זיי דערלאַנגען; כדי צו באַהאַלטן זיין פאַרדראָס, האָט ער געזאָגט: „זיי זיינען נאָך גרין".

# די אַרבעטאָרנס און דער האָן.

אַ בעל-הביתטע פלעגט וועקן פון שלאָף אירע אַרבעטאָרנס, בשעת עס איז נאָך אינגאַנצן געווען פינסטער און, ווי נאָר די הענער פלעגן אָנהייבן צו קרייען, האָט זי זיי שוין געוועקט צו דער אַרבעט. די אַרבעטאָרנס זיינען געווען שטאַרק ניט צופרידן, און זיי האָבן באַשלאָסן צו הרגענען דעם האָן, כדי ער

זאָל ניט וועקן די בעל־הביתטע. דעם האָן האָבן זיי געהרגעט, אָבער זיך האָבן זיי נאָך ערגער געמאַכט: די בעל־הביתטע האָט מורא געהאַט, זי זאָל ניט פאַרשלאָפן, האָט זי נאָך פריער אָנגעהויבן צו שטעלן אויף די פּיס די אַרבעטאָרנס.

## דער פישער און דאָס פישל.

אַ פישער האָט געכאַפּט אַ פישל, און דאָס פישל זאָגט צו אים:

„פישער, לאָז מיך אָפּ אין וואַסער; זעסט דאָך, אַז איך בין נאָך קליין: וואָס קאָנסטו פון מיר האָבן? לאָז מיך בעסער אָפּ, גיב מיר די מעגלעכקייט אויסצוּוואַקסן, און דאַמאָלסט כאַפּ מיך—וועסטו פון מיר אַ סך מער נוץ האָבן".

רופט זיך אָן דער פישער:

„אַ נאַר איז יענער, וואָס זעצט זיך וואַרטן אויף אַ גרויסע נוץ, און די קליינע לאָזט ער דערווייל פון די הענט אַרויס".

## דער פוקס און דער באָק.

אַ באָק האָט זיך פאַרגלוסט אַ טרונק; האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט באַרג אַראָפּ צו אַ ברונעם, אָנגעטרונקען זיך און איז געוואָרן שווער. ווייל ער צוריק אַרויפקריכן און קאָן ניט. האָט ער גענומען רעווען. אַ פוקס האָט אים דערזען און געזאָגט צו אים:

„דאָס הייסט אומגעלומפּערט! ווען דו וואָלסט אָבער געהאַט אַזויפיל שכל אין קאָפּ, וויפיל דו האָסט האָר אין באָרד, וואָלסטו פריער, איידער אַראָפּצוקריכן אַ טראַכט געטאָן וועגן אַרויפקריכן צוריק".

## דער הונט און זיין שאָטן.

אַ הונט איז געגאַנגען אויף אַ בריקל איבער אַ טייכל און געטראָגן אין די ציין אַ שטיקל פלייש. ער האָט זיך דערזען אין וואַסער און האָט געמיינט, אַז דאָרט גייט אַן אַנדער הונט מיט פלייש אין די ציין — האָט ער זיין פלייש אַוועקגעוואָרפן און זיך אַ לאָז געטאָן צום צווייטן הונט בײַ אים אויסצוכאַפּן

דאָס פלייש. אָבער קיין אַנדער פלייש איז דאָך, פאַרשטייט זיך, ניט געווען, און זיין שטיקל האָט דערווייל די כוואַליע אַוועקגעטראָגן.
און דער הונט איז געבליבן ביי גאָרניט.

## דער בושל און דער שטאָרך.

אַ פּויער האָט צעשטעלט נעצן אויף בושלען, ווייל זיי פּלעגן אים פּטרן זיין פּאַרזייט פעלד. די בושלען זיינען אַריינגעפאַלן אין דער נעץ און צוזאַמען מיט זיי אויך אַ שטאָרך.
רופט זיך אָן דער שטאָרך צום פּויער:
„לאָז מיך אָפּ: ניט קיין בושל, אַ שטאָרך בין איך. מיר זיינען די חשובסטע פייגל. איך וווין ביי דיין פאָטער אויפן דאַך. זעסט דאָך אָן די פעדערן, אַז איך בין ניט קיין בושל".
אָבער דער פּויער האָט געזאָגט:
„צוזאַמען מיט די בושלען האָב איך דיך געכאַפּט, צוזאַמען מיט זיי וועל איך דיך קוילן".

## דער גערטנער און זיינע זין.

אַ גערטנער האָט געוואָלט אויסלערנען זיינע זין גערטנעריי. האָט ער זיי פאַרן טויט צוגערופן צו זיך און אַזוי צו זיי געזאָגט:
„הערט זיך איין, קינדער. ווען איך וועל שטאַרבן, זאָלט איר אין וויינגאָרטן גוט אַ זוך טאָן, וואָס דאָרט איז באַהאַלטן".
די קינדער האָבן געמיינט, אַז דאָרט ליגט אַן אוצר, און, ווען דער פאָטער איז געשטאָרבן, האָבן זיי גענומען גראָבן, און די גאַנצע ערד איבערגעשאַרט. קיין אוצר האָבן זיי ניט געפונען, אָבער אַזוי גוט איבערגעגראָבן די ערד אין וויינגאָרטן, אַז זי האָט אָנגעהויבן אַ סך מער פּרוכט צו געבן.

## דער וואָלף און דער בושל.

ביי אַ וואָלף איז געבליבן שטיין אַ ביין אין האַלז, און ער האָט זיך ניט געקאָנט קיין עצה געבן. האָט ער גערופן דעם בושל און האָט געזאָגט צו אים:

„אַ נו, בושל, אַ האַלז האָסטו אַ לאַנגן, שטעק נאָר אַריין דיין קאָפּ צו מיר אין גאָרגל און שלעפּ אַרויס פון דאָרט דעם ביין. איך וועל שוין דיר אָפּדאַנקען".

האָט דער בושל אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ, אַרויסגעשלעפּט דעם ביין און געזאָגט:

„גיב זשע מיר דעם לוין".

אָבער דער וואָלף האָט אַ קריץ געטאָן מיט די ציין און האָט געענטפערט:

„און דאָס איז פאַר דיר קאַרג, וואָס דיין קאָפּ איז ביי מיר אין האַלז געווען און פון דאָרט אַרויס גאַנץ?"

## די האָזן און די פרעש.

איינמאָל זיינען זיך צונויפגעקומען האָזן און אָנגעהויבן צו וויינען אויף זייער מזל: „סיי פון מענטשן, סיי פון הינט, סיי פון אָדלער און פון די איבעריקע חיות קומען מיר אום. שוין בעסער איינמאָל פאַר אַלעמאָל שטאַרבן, איידער צו לעבן אין שרעק און שטענדיק צו מאַטערן זיך. לאָמיר זיך דערטרינקען!"

זיינען די האָזן אַוועקגעשפרונגען צום טייך טרינקען זיך. די פרעש האָבן דערהערט, אַז די האָזן קומען אָן, האָבן זיי גענומען וואַרפן זיך אין וואַסער אַריין. רופט זיך אָן איין האָז:

„שטייט, חברה! לאָמיר זיך נאָך ניט טרינקען. דאָס לעבן פון פרעש איז נאָך, אַ פּנים, ערגער פון אונזערס: זיי האָבן פאַר אונז אויך מורא".

## דער פאָטער און די זין.

אַ פאָטער האָט אָנגעזאָגט זיינע זין, זיי זאָלן לעבן בשלום, אָבער זיי האָבן אים נישט געפאָלגט. האָט ער געהייסן ברענגען אַ בעזים און געזאָגט צו די זין:

„צעברעכט!"

וויפיל די זין האָבן זיך ניט געמאַטערט, האָבן זיי דעם בעזים ניט געקאָנט צעברעכן. דאַן האָט דער פאָטער צעבונדן דעם בעזים און געהייסן ברעכן יעדן ריטל באַזונדער. האָבן זיי צעבראָכן.

זאָגט צו זיי דער פּאַטער:

„די אייגענע מעשה איז מיט אײַך: ווערט איר לעבן בשלום, ווערט אײַך קיינער ניט בייקומען; טאָמער אָבער ווילט איר זיך קריגן, און יעדער וויל לעבן פֿאַר זיך, ווערט אײַך יעדער איינער גרינג אומברענגען".

## דער פֿוקס.

אַ פֿוקס איז אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ נעץ, אָפּגעריסן זיך דעם עק און איז אַרויס אויף דער פֿרײַ. האָט ער אָנגעהויבן צו זוכן עצות מיט וואָס זײַן חרפּה צו פֿאַרשטעלן. ענדלעך האָט ער צונויפֿגערופֿן אַלע פֿוקסן און גענומען אײַנריידן זיי, אַז זיי זאָלן זיך אַלע אָפּהאַקן די עקן. „אַן עק, זאָגט ער, איז אונז אינגאַנצן נישט נייטיק, מיר שלעפּן זיך נאָר אַרום מיט אַן איבעריקער לאַסט". רופֿט זיך אָן איינער פֿון די פֿוקסן:

„אַך, ניט אַזוי וואָלסטו גערעדט, ווען דו זאָלסט אַליין ניט האָבן קיין אָפּגעהאַקטן עק".

האָט אים דער פֿוקס ניט געהאַט וואָס צו ענטפֿערן, און זיך געמוזט נעמען די וועג.

## דער ווילדער אייזל און דער שטוב-אייזל.

אַ ווילדער אייזל האָט דערזען אַ שטוב-אייזל, איז ער צוגעגאַנגען צו יענעם און האָט אָנגעהויבן צו באַוווּנדערן יענעמס מזל: ווי גלאַטיק ער איז אויפֿן לײַב, און וואָס פֿאַר אַ זיס לעבן ער האָט. שפּעטער אָבער, ווען מען האָט דעם שטוב-אייזל אָנגעלאָדן, און דער אָנטרײַבער האָט אים גענומען טרײַבן מיטן גראָבן שטעקן, האָט דער ווילדער אייזל געזאָגט: „ניין, ברודער, איך בין דיר ניט מקנא; איך זע, אַז דײַן זיס לעבן קומט דיר גאָר ניט גרינג אָן".

## דער הירש.

אַ הירש איז געקומען צום טײַך אָנטרינקען זיך. ער האָט זיך דערזען אין וואַסער און האָט גענומען פֿרייען זיך, וואָס די הערנער זײַנען בײַ אים אַזוי גרויס און צעצווייגט. אָבער ווען ער

האָט אַ קוק געטאָן אויף זיינע פיס, האָט ער געזאָגט: „נאָר די פיס מיינע זיינען מיאוס און מאָגער". און דאָ שפּרינגט פון ער־געץ פּלוצים אַרויס אַ לייב און גיט זיך אַ וואָרף אויפן הירש. דער הירש האָט זיך געלאָזט לויפן איבערן פרייען פעלד. ער איז גיך געלאָפן, אָבער ווען ער איז אַריין אין וואַלד, האָבן זיך זיינע הערנער פאַרטשעפּעט אין די צווייגן, און דער לייב האָט אים געפּאַקט. אין דער לעצטער מינוט האָט דער הירש געזאָגט צו זיך אַליין:

„אָט אַ נאַר בין איך! די, וואָס איך האָב אויף זיי גע־מיינט, אַז זיי זיינען מיאוס און מאָגער, האָבן מיך געראַטעוועט. און פון די, וואָס מיט זיי האָב איך זיך געפרייט, קום איך אום".

## דער הונט און דער וואָלף.

אַ הונט איז אַנטשלאָפן געוואָרן אין דרויסן. אַ הונגעריקער וואָלף איז גראָד אָנגעקומען אויף דער מינוט און געוואָלט אויפ־עסן דעם הונט. רופט זיך אָן דער הונט: „וואָלף! וואַרט נאָר צו, עס מיך דערוויל ניט, — איך בין איצט דאַר און מאָגער. האָב געדולד, ביי די בעלי־בתים מיינע איז אינגיכן אַ חתונה, עסן וועט זיין, וויפיל דאָס האַרץ גלוסט. איך וועל ווערן פעט און דו וועסט האָבן אַ געשמאַקערן ביסן". דער וואָלף האָט אים געפאָלגט און איז זיך אַוועק זיין וועג. קומט ער אַ צווייטן מאָל און טרעפט דעם הונט ליגן אויפן דאַך. „נו, וואָס?, — פרעגט דער וואָלף,—שוין געוועזן די חתונה?" „ווייסטו וואָס, וואָלף,— ענטפערט אים דער הונט, — טאָמער פּאַקסטו מיך אַ צווייטן מאָל, ווען איך שלאָף, זאָלסטו שוין ניט וואַרטן אויף קיין שום חתונה".

## דער מוק און דער לייב.

אַ מוק איז געקומען צו פליען צו אַ לייב און רופט זיך אָן צו אים: „דו מיינסט, אַז דו האָסט מער כח פון מיר? עס הייבט זיך ניט אָן! אין וואָס באַשטייט דיין כח? וואָס דו דראַ־פּעסט זיך מיט די נעגל און בייסט זיך מיט די ציין? — אויף

אזא אופן קאָנען ווייבער אַפילו מיט די מענער זיך שלאָגן. איך בין שטאַרקער פון דיר: ווילסט, קום אַרויס אויף אַ מלחמה מיט מיר!" דער מוק האָט זיך צעטרומייטערט און גענומען בייסן דעם לייב אין די נאַקעטע באַקן און אין נאָז. דער לייב האָט גענומען פּאַטשן זיך מיט די לאַפּעס איבערן פּנים און קראַצן זיך מיט די נעגל. ער האָט זיך צעבלוטיקט דאָס גאַנצע פּנים און האָט זיך גיך אַרויסגעשלאָגן פון די כוח׳ות.

דער מוק האָט זיך צעטרומייטערט פון פרייד און איז אַוועקגעפלויגן. שפּעטער האָט ער זיך פאַרפּלאָנטערט אין אַ שפּינוועבס. און ווען דער שפּין האָט אים גענומען אויסזויגן, האָט דער מוק געזאָגט: „די שטאַרקע חיה, דעם לייב, בין איך ביי־געקומען, און אָט פון דעם נישטיקן שפּין קום איך אום".

## דאָס פערד און זיינע בעלי־הבתים.

ביי אַ גערטנער איז געווען אַ פערד. אַרבעט האָט דאָס פערד געהאַט אָן אַ שיער און עסן איז ניט געווען וואָס. האָט דאָס פערד גענומען זיך בעטן ביי גאָט, אַז גאָט זאָל אים צו־שיקן אַן אַנדער בעל־הבית. און אַזוי האָט געטראָפן. דער גערט־נער האָט פאַרקויפט זיין פערד צו אַ טעפּער. דאָס פערד איז געווען צופרידן, אָבער ביים טעפּער האָט ער געהאַט נאָך מער אַרבעט, ווי פריער. האָט ער גיך ווייטער אָנגעהויבן צו קלאָגן זיך אויף זיין מזל און בעטן ביי גאָט אַ בעסערן בעל־הבית. אויך דער ווונש איז מקוים געוואָרן. דער טעפּער האָט פאַרקויפט זיין פערד צו אַ הויט־שינדער. אָבער ווי נאָר דאָס פערד האָט דער־זען אויפן הויף פונעם נייעם בעל־הבית די פערדישע פעלן, האָט ער זיך צעיאָמערט: „אָך, ווי און ווינד איז מיר, דעם אומגליק־לעכן! בעסער וואָלט איך שוין ביי די פריערדיקע בעלי־הבתים געבליבן: איצט האָט מען מיך שוין, אַ פּנים, ניט צוליב מיין אַרבעט, נייערט צוליב מיין פעל פאַרקויפט".

## דער אַלטער און דער מלאך־המות.

אַן אַלטער האָט אָנגעהאַקט האָלץ און זיך געלאָזט מיטן האָלץ אין וועג. ווייל האָט מען באַדאַרפט ווייט, איז ער מיד גע־וואָרן, אַראָפּגעלאָזט דעם בערעמעק האָלץ אויף דער ערד און

זאָגט: „עך, דער מלאך־המות זאָל שוין קומען". איז געקומען דער מלאך־המות און זאָגט: „איך בין דאָ, וואָס ווילסטו?" דער אַלטער האָט זיך דערשראָקן און האָט געזאָגט: „איך וויל דו זאָלסט מיר אויפהייבן דעם בערעמעק האָלץ".

## דער לייב און דער פוקס.

אַ לייב איז אַלט געוואָרן און שוין נישט געקאָנט כאַפּן קיין חיות, איז ער געפאַלן אויף אַ שפּיצל: אַריין אין אַ הייל, זיך געלייגט און געמאַכט זיך פאַר קראַנק. האָבן חיות אָנגעהויבן צו קומען אים געוואָר ווערן. און ער פלעגט אויפעסן אַלע חיות, וואָס זיינען נאָר צו אים אַריין. דער פוקס איז אויך געקומען, אָבער ער האָט פאַרשטאַנען די מעשה און איז געבליבן שטיין ביים אַריינגאַנג אין הייל.

„נו, לייב, וואָס מאַכסטו?" פרעגט ער.

זאָגט דער לייב: „שלעכט; אָבער פאַרוואָס גייסטו ניט אַריין?"

און דער פוקס ענטפערט אים אָפּ: „איך גיי ניט אַריין, ווייל די שפּורן ווייזן מיר, אַז אַריינגאַנגען זיינען פאַראַן אָן אַ שיעור, און קיין אַרויסגאַנגען איז נישט צו זען".

## דער הירש און דער וויינגאָרטן.

אַ הירש האָט זיך באַהאַלטן פון די יעגער אין אַ וויינגאָרטן. ווען די יעגער זיינען שוין פאַרבייגעגאַנגען, האָט ער גענומען אַרומרייסן די טרויבן־בלעטער.

די יעגער האָבן באַמערקט, אַז די בלעטער באַוועגן זיך, איז זיי איינגעפאַלן: „אפשר געפינט זיך די חיה צווישן די בלעטער".—זיי האָבן אויסגעשאָסן און האָבן פאַרווונדעט דעם הירש.

אין דער לעצטער מינוט האָט דער הירש אַליין צו זיך געזאָגט: „אַ מצוה אויף מיר. איך האָב ניט באַדאַרפט עסן די בלעטער, וואָס האָבן מיך פריער געראַטעוועט".

## דער קאָטער און די מייז.

אין אַ שטוב האָבן זיך באַוויזן אַ סך מייז. אַ קאָטער האָט

זיך אַריינגענאַרט אין דער שטוב און גענומען זיי כאַפּן. ווען די מייז, אַז עס האַלט שמאָל, זאָגן זיי: „הערט זיך איין, מייז, לאָ־מיר שוין מער ניט אַראָפּקריכן פון דער סטעליע, און אַהער צו אונז וועט דער קאָטער ניט דערלאַנגען!" ווען די מייז האָבן אויפגעהערט אַראָפּצוגיין, האָט דער קאָטער אָנגעהויבן צו זוכן מיטלען, ווי אַזוי זיי איבערצושפּיצן. האָט ער זיך אָנגעכאַפּט מיט איין לאַפּע פאַר דער סטעליע, געבליבן הענגען, און גע־מאַכט זיך פאַר טויט. אַ מייזל האָט אַרויסגעקוקט צו אים און זאָגט: „ניין, ברודער, זאָלסט שוין אַפילו ווערן אַ זאַק, וועל איך סיי ווי צו דיר ניט צוגיין".

## דער וואָלף און די ציג.

אַ וואָלף זעט — אויף אַ שטיינערנעם באַרג פּאַשעט זיך אַ ציג און צוקומען צו איר איז אוממעגלעך, זאָגט ער צו איר: „וואָלסט בעסער אַראָפּ אַהער: דער אָרט איז דאָ אַ גלייכערער און די גראָז איז דאָ אַ סך זיסער אויפן טעם".

ענטפערט אים אָפּ די ציג: „נישט צוליב דעם רופסטו מיך, וואָלף, אַראָפּ: מיינסט דען מיין טובה? דו זאָרגסט דאָך וועגן שפּייז צוליב זיך".

## דער איילבערט־בוים און דער אָטשערעט.

אַן איילבערט־בוים מיט אַן אָטשע־עט האָבן זיך צעאַמ־פּערט צווישן זיך, ווער פון זיי איז שטאַרקער און פעסטער. דער איילבערט־בוים האָט אָפּגעלאַכט פון דעם אָטשערעטל, וואָס פאַרן מינדסטן ווינט בייגט זיך יענער איין. דער אָטשערעט האָט אים פאַרשוויגן. איז געקומען אַ שטורם. דער אָטשערעט האָט זיך געשאָקלט, געוואָרפן זיך אין אַלע זייטן, געבויגן זיך ביז צו דער ערד און — איז געבליבן גאַנץ. דער איילבערט־בוים אָבער האָט אָנגעשטעלט אַלע צווייגן זיינע קעגן ווינט און — האָט זיך צעבראָכן.

## צוויי חברים.

צוויי חברים זיינען געגאַנגען אין אַ וואַלד. פּלוצים איז זיי

באַפאַלן אַ בער. האָט זיך איינער פון זיי געלאָזט לויפן, איז אַרויפגעקראָכן אויף אַ בוים און האָט זיך דאָרט באַהאַלטן, און דער צווייטער איז געבליבן אין מיטן וועג. קיין ברירה האָט ער ניט געהאַט: איז ער אַ פאַל געטאָן אויף דער ערד און געמאַכט זיך פאַר טויט.

דער בער איז צוגעגאַנגען צו אים און גענומען אים אַרומ=שמעקן: האָט ער איינגעהאַלטן דעם אָטעם.

דער בער האָט אַ שמעק געטאָן זיין פנים, געמיינט, אַז ער איז טויט און איז זיך אַוועק פון אים.

ווען דער בער איז שוין געווען ווייט, איז דער צווייטער אַראָפּגעקראָכן פון בוים און לאַכט: „נו, זאָגט ער, וואָס האָט דיר דער בער איינגעראַמט אויפן אויער?"

„ער האָט מיר געזאָגט, אַז מענטשן, וואָס לאָזן איבער אין אַ געפאַר זייערע חברים אַליין, זיינען זייער שלעכטע".

## דער וואָלף און דאָס שעפעלע.

אַ וואָלף האָט דערזען—ביי אַ טייך טרינקט אַ שעפעלע וואַסער.

דעם וואָלף האָט זיך פאַרגלוסט אויפעסן דאָס שעפעלע, און ער האָט זיך גענומען צום שעפעלע טשעפּען: „דו מאַכסט מיר, זאָגט ער, אומריין דאָס וואַסער און לאָזט מיך ניט טרינ=קען".

זאָגט דאָס שעפעלע: „אַך, וואָלף, ווי קאָן איך דיר מאַכן דאָס וואַסער אומריין? איך שטיי דאָך נידעריקער פון דיר מיטן וואַסער=שטראָם, און אַחוץ דעם באַריר איך דאָך קוים מיט די ליפּן דאָס וואַסער". און דער וואָלף זאָגט: „טאָ פאַרוואָס זשע האָסטו פאַראיאָרן זומער געשאָלטן מיין טאַטן?". ענטפערט דאָס שעפעלע: „אָבער, וואָלף, פאַראיאָרן זומער בין איך דאָך נאָך אויף דער וועלט ניט געווען". איז דער וואָלף געוואָרן אין כעס און זאָגט: „כיט דיר וועט מען זיך ניט אויסטענהן. בין איך אויפן ניכטערן האַרצן און דערפאַר וועל איך דיך אויפעסן".

## דער לייב, דער וואָלף און דער פוקס.

אַן אַלטער קראַנקער לייב איז געלעגן אין אַ הייל. זיינע אַלע חיות געגאַנגען דעם קיסר געוואָר ווערן. און נאָר דער פוקס האָט זיך ניט באַוויזן. דער וואָלף האָט זיך דערפרייט מיט דער געלעגנהייט און גענומען פאַרן לייב באַריידן דעם פוקס.

„דער פוקס, זאָגט ער, האַלט דיך פאַר גאָרנישט: קיין איינמאָל אַפילו נישט אַריין זען, וואָס דער קיסר מאַכט".

אויף די ווערטער איז גראָד אָנגעקומען דער פוקס. ער האָט דערהערט, וואָס דער וואָלף רעדט אויף אים אויס, טראַכט ער זיך: „וואַרט נאָר, וואַרט נאָר, וואָלף, איך וועל זיך שוין מיט דיר אָפּרעכענען".

ווי נאָר דער לייב האָט זיך צעברומט אויפן פוקס, רופט זיך יענער אָן: „וואַרט נאָך צו, טויט מיך ניט, לאָז אַ וואָרט אויסצורעדן. איך בין דערפאַר צו דיר ניט געקומען, ווייל איך האָב קיין צייט ניט געהאַט, און קיין צייט האָב איך ניט געהאַט, ווייל ווי די וועלט איז גרויס, בין איך פול געווען, פאַר דיר ביי די רופאים אַ רפואה געזוכט. ערשט וואָס געקראָגן, בין איך שוין געקומען צו לויפן".

זאָגט דער לייב:

„אין וואָס זשע באַשטייט די רפואה?"

„אָט אין וואָס: פּרווו נאָר אַ לעבעדיקן וואָלף אָפּשינדן און זיין וואַרעמע פעל אויף זיך אָנטאָן..."

ווען דער לייב האָט אַנידערגעלייגט דעם וואָלף, האָט זיך דער פוקס צעלאַכט:

„אַזוי איז דאָס, ברודער: די הערשער דאַרף מען ניט צו שלעכטע, נאָר צו גוטע מעשים צוריידן".

## דער לייב, דער אייזל און דער פוקס.

אַ לייב, אַן אייזל און אַ פוקס האָבן זיך אין דרייען געלאָזט אויף אַ געיעג. זיי האָבן געכאַפּט אַ סך חיות, און דער לייב האָט געהייסן דעם אייזל, אַז ער זאָל אַלץ צעטיילן צווישן זיי. דער אייזל האָט צעטיילט אויף דריי גלייכע חלקים און זאָגט: „נו, איצט נעמט!" דער לייב איז אין כעס געוואָרן, אויפגעגעסן דעם אייזל און האָט געהייסן דעם פוקס, אַז ער זאָל טיילן אויפסניי. דער פוקס האָט אַלץ

צונויפגעשאַרט אין איין קופּע פאַרן לייבּס=וועגן און זיך נאָר אַ קליין ברעקעלע געלאָזט. דער לייב האָט אַ קוק געטאָן און זאָגט: „ביסט אַן אמתער חכם! פון וואַנען קאָנסטו אַזוי גוט טיילן?"

האָט דער פוקס אים געענטפערט: „נו, און מיטן אייזל איז וואָס געווען?"

## דער פויער און דער וואַסער-מענטש.

אַ פויער האָט אַראָפּגעוואָרפן זיין האַק אין טייך אַריין, האָט ער זיך שטאַרק גענומען צום האַרצן, זיך אַוועקגעזעצט אויפן ברעג און אָנגעהויבן צו וויינען.

אַ וואַסער=מענטש האָט דערהערט דעם געוויין, זיך מרחם געווען אויפן פויער און אַרויסגעטראָגן אים אַ גאָלדענע האַק פון דעם טייך. „איז דאָס אפשר דיין האַק?" פרעגט ער.

„ניין, דאָס איז ניט מיין האַק" ענטפערט דער פויער.

האָט דער וואַסער=מענטש אַרויסגעטראָגן אַן אַנדערע—אַ זילבערנע האַק.

און דער פויער זאָגט ווייטער: „ניט מיין האַק".

דאַן האָט דער וואַסער=מענטש אַרויסגעטראָגן אַ פּשוטע האַק.

זאָגט דער פויער: „אָט דאָס איז מיין האַק".

האָט דער וואַסער=מענטש דעם פויער אַלע דריי העק געשענקט פאַר זיין אמת זאָגן.

אינדערהיים האָט דער פויער באַוויזן זיינע חברים די העק און האָט זיי דערציילט, ווי די מעשה איז געווען.

האָט זיך אַ צווייטן פויער פאַרגלוסט דאָס אייגענע אָפּצוטאָן און ער איז אַוועק צום טייך, ספּעציעל אַריינגעוואָרפן זיין האַק אין וואַסער אַריין, זיך געזעצט אויפן ברעג און האָט זיך צעוויינט.

דער וואַסער=מענטש האָט ווייטער אַרויסגעטראָגן אַ גאָלדענע האַק און האָט געפרעגט: „איז דאָס דיין האַק?"

דער פויער האָט זיך דערפרייט און האָט זיך צעשריען: „מיינס, מיינס!"

אָבער דער וואַסער=מענטש האָט אים די גאָלדענע האַק

נישט געגעבן און אויך זיין האַק אים נישט אומגעקערט — פאַר זיין ליגן זאָגן.

## דער ראָב און דער פוקס.

אַ ראָב האָט ערגעץ געפּאַקט אַ שטיק פליש און זיך געזעצט מיט דעם אויף אַ בוים. אַ פוקס האָט געוואָרפן אַן אויג אויפן פלייש. גייט ער צו און זאָגט:

„אַך, ראָב, ווי איך קוק דיך אָן, מיט דיין ווקס און שיינקייט, איז נאָר אַ קיסר צו זיין. און דו וואָלסט געווים געווען אַ קיסר, ווען דו וואָלסט נאָך געקאָנט שיין זינגען".

דער ראָב האָט צעעפנט זיין מויל און זיך צעלאָזט אויף אַלע כלים. און דאָס פלייש איז דערווייל אַרויסגעפאַלן פון מויל. דער פוקס האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס פלייש און זאָגט:

„אַך, ראָב, ווען דו זאָלסט נאָך האָבן שכל אויך דערצו, וואָלסטו שוין געווים געווען אַ קיסר".

## דער קאָפּ און דער עק פון אַ שלאַנג.

אַן עק און אַ קאָפּ פון אַ שלאַנג האָבן זיך צעקריגט צווישן זיך, ווער פון זיי ביידע זאָל גיין אַפּריער. דער קאָפּ האָט געזאָגט: „דו קאָנסט ניט גיין פאָרויס — האָסט ניט קיין אויגן און אויערן".

און דער עק האָט געזאָגט: „אָבער דערפאַר האָב איך כח: איך שטופּ דיך; אַט לאָמיך פּרווון אַרומוויקלען זיך אַרום אַ בוים, וועסטו בשום אופן זיך ניט קאָנען רירן פון אָרט". זאָגט דער קאָפּ: „איז צעגאַנגען זיך".

דער עק האָט זיך אָפּגעריסן פונעם קאָפּ און איז אַוועקגעקראָכן אויף פאָרויס. אָבער ער איז ווייט ניט אַוועק, באַלד אָנגעטראָפן אויף אַ שפּאַלט און איז אַהין אַריינגעפאַלן.

## דינע פאָדעם.

אַ מענטש האָט באַשטעלט ביי אַ וועבערן דינע פאָדעם. די וועבערן האָט אויסגעוועבט דינע פאָדעם, אָבער דער מענטש האָט געזאָגט, אַז די פאָדעם טויגן ניט, און אַז ער דאַרף

האָבן גאָר דינע פּאָדעם. האָט די וועבערן געזאָגט: „אויב די זיינען פֿאַר דיר ניט גוט, האָסטו דאָ אַנדערע", און זי האָט אים אָנגעוויזן אויף אַ פּוסט אָרט. ער האָט געזאָגט, אַז ער זעט ניט. האָט די וועבערן געזאָגט. „אָט דערפֿאַר טאַקע זעסטו ניט, ווייל זיי זיינען זייער דין; איך אַליין זע זיי אויך ניט".

דער נאַר האָט זיך דערפֿרייט און באַשטעלט פֿאַר זיך נאָך אַזוינע פּאָדעם, און פֿאַר די האָט ער באַצאָלט געלט.

## די ירושה.

ביי איין פּאָטער זיינען געווען צוויי זין. האָט ער זיי פֿאַר זיין טויט אָנגעזאָגט: „ווען איך וועל שטאַרבן, זאָלט איר אַלץ צעטיילן אויף דער האַלב". אָבער, ווען דער פּאָטער איז געשטאָרבן, האָבן די זין בשום אופן זיך ניט געקאָנט צעטיילן מיט דער ירושה. האָבן זיי באַשלאָסן צו פֿאַרלאָזן זיך אויף מענטשן און זיי זיינען אַוועק צו אַ שכן. דער שכן האָט געפֿרעגט, וואָס האָט זיי דער פּאָטער אָנגעזאָגט. זיי האָבן געענטפֿערט: „ער האָט געהייסן אַלץ טיילן אויף דער האַלב". האָט דער שכן געזאָגט: „טאָ צערייסט זשע אויף דער האַלב אַלע קליידער, צעשפּאַלט אויף דער האַלב דאָס גאַנצע געפֿעס און צעשניידט אויף דער האַלב דאָס גאַנצע פֿיי". די ברידער האָבן דעם שכן געפֿאָלגט און זיי זיינען געבליבן מיט גאָרנישט.

## די מאַלפּע.

אַ מענטש איז געגאַנגען אין וואַלד אַריין נאָך האָלץ, האָט דאָרט אַראָפּגעהאַקט אַ בוים און גענומען אים זעגן. ער האָט אַנידערגעלייגט איין עק פֿונעם בוים אויף אַ קלאָץ, אַליין זיך געזעצט רייטנדיק אויפֿן בוים און גענומען זעגן. באַלד האָט ער אַריינגעהאַקט אין דעם צעזעגטן אָרט אַ פּלעקל און געזעגט ווייטער, שפּעטער אַרויסגענומען דעם פּלעקל און איבערגערוקט אים נאָך ווייטער.

אַ מאַלפּע איז געזעסן אויף אַ בוים און זיך צוגעקוקט צו דער אַרבעט. ווען דער מענטש האָט זיך געלייגט אָפּרוען, האָט זיך די מאַלפּע געזעצט רייטנדיק אויפֿן בוים און געוואָלט נאָכמאַכן דעם פֿויער; אָבער ווען זי האָט אַרויסגענומען דעם פּלעקל,

האָט זיך דער בוים צונויפגעקוועטשט און האָט פאַרקלעמט איר דעם עק. האָט זי אָנגעהויבן צו שרייען. דער מענטש האָט זיך אויפגעכאַפּט, אָנגעשלאָגן די מאַלפּע און צוגעבונדן זי אויף אַ שטריקל.

## די מאַלפּע און דער אַרבעס.

אַ מאַלפּע האָט געטראָגן צוויי פולע הויפנס אַרבעס. איין אַרבעסל איז אַרויסגעשפּרונגען. די מאַלפּע האָט געוואָלט אים אויפהייבן און דערוויל אויסגעשאָטן נאָך 20 אַרבעסלעך. האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן צונויפקלייבן זיי און דערוויל צעשאָטן אַלע איבעריקע אַרבעסלעך. די מאַלפּע איז שטאַרק אין כעס געוואָרן, דעם גאַנצן אַרבעס צעשמעטערט און איז זיך אַנטלאָפן.

## די מעלקעדיקע קו.

אַ מענטש האָט געהאַט אַ קו; די קו האָט געגעבן יעדן טאָג אַ טעפּל מילך. איינמאָל האָט דער מענטש איינגעלאַדן צו זיך געסט. כדי צו האָבן מער מילך, האָט ער צען טאָג נישט געמאָלקן די קו. ער האָט געמיינט, אַז אויפן צענטן טאָג, וועט די קו געבן צען קריגלעך מילך.

אָבער דאָס מילך איז אין דער קו איבערגעברענט געוואָרן, און זי האָט געגעבן ווייניקער מילך, ווי פריער.

## די קאַטשקע און דער מולד.

אַ קאַטשקע איז אַרומגעשוווּמען איבערן טייך, געזוכט פיש, אָבער פאַרן גאַנצן טאָג קיין איינס נישט געפונען. ווען עס איז געוואָרן נאַכט, האָט זי דערזען דעם מולד אָפּשפּיגלען זיך אין וואַסער. זי האָט געמיינט אויפן מולד, אַז עס איז אַ פיש און האָט זיך אונטערגעטוקט, כדי צו כאַפּן אים. די אַנדערע קאַטשקעס האָבן עס באַמערקט און זיי האָבן גענומען פון איר אָפּצולאַכן.

די קאַטשקע האָט זיך שטאַרק פאַרשעמט, און פון יענעם מאָל אָן האָט זי איינגאַנצן אויפגעהערט צו גלייבן אין זיך. ווען זי האָט שוין אַפילו יאָ געזען פיש אונטערן וואַסער, האָט זי זיי אויך ניט געכאַפּט. אַזוי אַרום איז די קאַטשקע געשטאָרבן פון הונגער.

## דער וואָלף און שטויב.

אַ וואָלף האָט געוואָלט כאַפּן אַ שעפּעלע פון אַ טשע־דעדע, האָט ער זיך געלאָזט גיין אַנטקעגן ווינט, כּדי דער שטויב פון דער טשערעדע זאָל אים פאַרשטעלן.

דער הונט פון דער טשערעדע האָט אים אָבער דערזען און זאָגט צו אים:

„דאַרפסט ניט, וואָלף אַרומגיין אין שטויב: די אויגן וועלן דערנאָך ווי טאָן".

זאָגט דער וואָלף:

„אָט דאָס איז דאָך די צרה, הינטל, וואָס די אויגן טוען מיר שוין פון לאַנג ווי. מען זאָגט אָבער, אַז דער שטויב פון אַ שאָפן־טשערעדע איז אַ גוטע רפואה קעגן דעם ווייטאָג".

## די מויז אונטערן שפּייכלער.

אַ מויז האָט געוווינט אונטער אַ שפּייכלער. אין בריק פונעם שפּייכלער איז געווען אַ שפּעלטל, און דאָס ברויט האָט זיך געשאָטן אין שפּאַלט אַריין. דער מויז האָט גאָרניט ניט גע־פעלט, אָבער זי האָט זיך געוואָלט באַרימען מיט איר גוט לעבן. האָט זי געמאַכט גרעסער די לאָך און האָט איינגעלאַדן צו זיך נאָך מייז.

„קומט,—זאָגט זי,—צו מיר אין געסט, עסן וועט זיין גע־נוג פאַר אַלעמען". אָבער ווען זי האָט געבראַכט צו פירן די מייז, האָבן זיי קיין שום לאָך ניט געפונען.

דער פויער האָט באַמערקט די גרויסע לאָך אין בריק און האָט זי פאַרשלאָגן.

## די געשמאַקסטע באַרן.

אַ בעל־הבית האָט געשיקט זיין דינער נאָך די געשמאַק־סטע באַרן. דער דינער איז געקומען אין קלייט און געפרעגט אויף באַרן. דער סוחר האָט אים געגעבן, אָבער דער דינער האָט געזאָגט:

„ניין, גיב מיר די בעסטע".

האָט דער סוחר געזאָגט:

„פּאַרזוך איינע: וועסטו זען, אַז זיי זיינען געשמאַק".
„ווי אַזוי זשע וועל איך וויסן, אַז זיי זיינען אַלע געשמאַק, אויב איך וועל נאָר איינע פּאַרזוכן?"
און ער האָט אָפּגעביסן פון יעדער באַר אַ שטיקל און ערשט דעמאָלט געבראַכט זיי צום בעל־הבית. אָבער דער בעל־הבית האָט אים תּיכּף דורכגעטריבן.

## דער פאַלק (סאָקאָל) און דער האָן.

אַ פאַלק האָט זיך צוגעווינט צו זיין בעל־הבית און אויף יענעמס רוף געגאַנגען צו אים גלייך אין די הענט; דער האָן אָבער פלעגט יעדעס מאָל אַנטלויפן פון דעם בעל־הבית און שטאַרק שרייען, ווען יענער האָט זיך דערנעענטערט צו אים. רופט זיך איינמאָל אָן דער פאַלק צום האָן:
„ניטאָ אין אייך, הענער, קיין דאַנקבאַר געפיל: אייער קנעכטיש בלוט לאָזט זיך באַלד פילן. נאָר ווען איר זייט הונגעריק, גייט איר צום בעל־הבית. גאַנץ אַנדערש זיינען מיר, די ווילדע פויגל. כּוחות האָבן מיר אַ סך, פליען פליען מיר פלינקער פון אַלעמען, פונדעסטוועגן אַנטלויפן מיר ניט פון די מענטשן, מיר גייען נאָך אַליין צו זיי אויף זייער רוף. מיר געדענקען גוט, אַז זיי גיבן אונז עסן".
ענטפערט אים אָפּ דער האָן:
„פאַרוואָס זאָלט איר אַנטלויפן פון די מענטשן? איר האָט דען געזען אַמאָל אַ געבראָטענעם פאַלק? וואָס שייך אונז, זעען מיר זייער אָפט געבראָטענע הענער".

## די שאַקאַלן און די העלפאַנדן.

שאַקאַלן האָבן אויפגעגעסן אַלע פּגרים אין וואַלד, און זיי האָבן שוין ניט געהאַט וואָס צו עסן. האָט אַן אַלטער שאַקאַל געטראַכט און געטראַכט און געפאַלן אויף אַן עצה. ער איז אַוועק צום העלפאַנד און אַזוי געזאָגט צו אים:
„ביי אונז איז געווען אַ קיסר, אָבער ער איז קאַליע געוואָרן: באַפוילט אונז אַזעלכע זאַכן, וואָס עס איז אוממעגלעך זיי אויסצופירן; ווילן מיר אַן אַנדער קיסר אויסקלייבן—און דאָס

פאָלק האָט מיר געשיקט צו דיר בעטן דיך אונזער קיסר צו זיין. לעבן לעבט זיך אונז גוט,—וואָס דו וועסט הייסן, וועלן מיר פאָלגן און דערצו דיר גרויס כבוד אָפּגעבן. קום אין אונזער מלוכה!"

דער העלפאַנד האָט מסכים געווען און איז אַוועק נאָכן שאַקאַל. דער שאַקאַל אָבער האָט אים פאַרפירט אין אַ זומפּ אַריין. ווען דער העלפאַנד איז פאַרזונקען געוואָרן, האָט זיך דער שאַקאַל אָנגערופן:

„איצט באַפויל: וואָס דו וועסט הייסן, וועלן מיר טאָן".

דער העלפאַנד האָט געזאָגט:

„איך באַפויל, אַז דו זאָלסט מיך אַרויסשלעפּן פון דאַנען".

האָט דער שאַקאַל זיך צעלאַכט און געזאָגט:

כאַפּ זיך אָן מיט דיין נאָז פאַר מיין עק, וועל איך דיך באַלד אַרויסשלעפּן'.

דער העלפאַנד האָט געפרעגט:

„קאָן מען דען מיך אַרויסשלעפּן מיט אַן עק?"

האָט אים דער שאַקאַל געענטפערט:

„פאַרוואָס זשע הייסטו טאָן, וואָס מען קאָן ניט? מיר האָבן דערפאַר טאַקע דעם ערשטן קיסר דורכגעטריבן, ווייל ער האָט געהייסן טאָן, וואָס מען קאָן ניט".

ווען דער העלפאַנד איז אין זומפּ געפּגרט, זיינען געקומען די שאַקאַלן און האָבן אים אויפגעגעסן.

## דער פישכאַפּער (צאַפּליע), די פיש און דער קרעבס.

אַ פישכאַפּער האָט געוווינט ביי אַ טייך. ווען ער איז גע-וואָרן אַלט און שוין מער קיין כוחות ניט געהאַט צו כאַפּן קיין פיש, האָט ער גענומען זוכן מיטלען, ווי דורכצולעבן. ער איז געפאַלן אויף אַ שפּיצל, געקומען צו די פיש און זאָגט צו זיי:

„הערט זיך איין, פיש, איר ווייסט גאָרניט, וואָס פאַר אַ צרה עס גייט אויף אייך. איך האָב געהערט פון די מענטשן, אַז זיי ווילן אויסטריקענען דעם טייך און ווילן אייך אַלעמען כאַפּן. און דאָ, אונטערן באַרג, ווייס איך, איז פאַראַן אַ גוט טייכל. מוזט איר זיך אַהין איבערקלייבן. איך וואָלט אייך אַוודאי געהאָלפן, בין איך שוין אָבער זייער אַלט: שווער פאַר מיר געוואָרן צו

פליען". די פיש אָבער זיינען צוגעשטאַנען צום פישכאַפּער ער זאָל זיי אַרויסהעלפן אין זייער נויט.

זאָגט דער פישכאַפּער:

„מילא, איך וועל זיך שוין באַמיען צוליב אייך, איך וועל שוין זען אייך איבערצוטראָגן אַהין. אָבער אַלעמען מיט אַמאָל קאָן איך ניט. סיידן טראָגן אייך איינציקווייז".

און די פיש פרייען זיך, בעטן זיך ביי אים: „מיך טראָג אָפּ, מיך טראָג!"

האָט דער פישכאַפּער גענומען טראָגן זיי: נעמט אַ פיש, טראָגט אים אַרויס אין פעלד און עסט אים דאָרט אויף. אויף אַזאַ אופן האָט ער אַ סך פיש אויפגעגעסן.

אין דעם זעלבן טייך האָט געוווינט אַן אַלטער קרעבס. ווען דער פישכאַפּער האָט גענומען אַרויסטראָגן די פיש, האָט ער פאַרשטאַנען די מעשה און רופט זיך אָן צו אים:

„אַ נו, פישכאַפּער, אפשר וואָלסטו מיך אויך אַריבערגע־טראָגן אויפן נייעם אָרט".

האָט דער פישכאַפּער זיך געלאָזט מיטן קרעבס אין וועג. ווען ער איז מיט אים אַרויסגעפלויגן אין פעלד, האָט ער אים געוואָלט אַראָפּוואַרפן. אָבער דער קרעבס האָט דערזען די ביינ־דעלעך פון די פיש, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אין פעלד. האָט ער צונויפגעקוועטשט דעם פישכאַפּער דעם האַלז, דער־וואָרגן אים, געקומען צוריק צום טייך און דערציילט די פיש די גאַנצע מעשה.

## דער ים־מענטש און דער פּערל.

אַ מענטש האָט זיך געשיפט אויפן ים און האָט צופעליק אַראָפּגעוואָרפן אַ קאָסטבאַרן פּערל אין וואַסער אַריין. האָט זיך דער מענטש אומגעקערט צוריק צום ברעג, אויסגעזוכט אַן עמער און גענומען שעפּן דאָס וואַסער פון ים. שעפּט אָן און גיסט אויס אויף דער ערד. אַזוי האָט ער געשעפּט און אויסגעגאָסן דריי טעג נאָכאַנאַנד.

אויפן פערטן טאָג איז פון ים אַרויס דער ים־מענטש און פרעגט אים:

„צוליב וואָס שעפּסטו דאָס?"

ענטפערט דער מענטש:

„איך שעפ דערפאַר, ווייל מיינער אַ פערל איז אַריינגע־פאַלן אין ים".

דער וואַסער־מענטש פרעגט:

„און גיך וועסטו אויפהערן?"

זאָגט דער מענטש:

„איך וועל פריער אויסטריקענען דעם ים, און דאַמאָלסט וועל איך אויפהערן".

דער ים־מענטש איז אַוועק אין ים, געקומען צוריק מיטן פערל און אָפּגעגעבן אים דעם מענטשן.

## דער בלינדער און דאָס מילך.

אַ בלינדער פון געבוירן האָט אַמאָל געפרעגט אַ זע־ענדיקן:

„וואָס פאַר אַ קאָליר האָט מילך?"

דער זעענדיקער האָט געזאָגט: „מילך האָט דעם זעלבן קאָליר, וואָס ווייס פאַפיר".

האָט דער בלינדער געפרעגט: „נו, און דער קאָליר סקרוכט אויך אַזוי אונטער די הענט, ווי פאַפיר?"

דער זעענדיקער האָט געענטפערט: „ער איז ווייסער, ווי ווייס מעל".

דער בלינדער האָט געפרעגט: „נו, איז ער אַזוי ווייך און שיט זיך אַזוי ווי מעל?"

דער זעענדיקער האָט געזאָגט: „ניין, ער איז פשוט אַ ווייסער, ווי אַ ווייסער האָז".

„נו, איז ער אַזאַ ווייכער און האָריקער ווי אַ האָז?" האָט געפרעגט דער בלינדער.

„ניין, אַ ווייסער קאָליר איז פונקט, ווי שניי", האָט געענט־פערט דער זעענדיקער.

אָבער דער בלינדער האָט ווייטער געפרעגט: „נו, איז ער אָבער אַזאַ קאַלטער, ווי שניי?"

און וויפל ביישפילן דער זעענדיקער האָט ניט געבראַכט, האָט דער בלינדער אַלץ ניט געקאָנט פאַרשטיין, ווי זעט אויס דער ווייסער קאָליר פון מילך.

## דער וואָלף און דער בויגן.

אַ יעגער איז מיט זיין פייל און בויגן געגאַנגען אויף יאַגד, געהרגעט אַ ציג, אַרויפגעוואָרפן זי אויף די פּלייצעס און זיך געלאָזט מיט איר גיין. אויפן וועג האָט ער דערזען אַ ווילדן חזיר. האָט דער יעגער אַ וואָרף געטאָן די ציג, אויסגעשאָסן אין ווילדן חזיר און אים פאַרווונדעט. דער ווילדער חזיר האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויפן יעגער, צעריסן אים אויף שטיקלעך און איז אַליין געפגרט. אַ וואָלף האָט דערשמעקט בלוט און איז געקומען צו יענעם אָרט, וו עס זיינען געלעגן די ציג, דער ווילדער חזיר, דער מענטש און זיין בויגן. האָט זיך דער וואָלף דערפרייט און טראַכט זיך: „איצט האָב איך שוין שפּייז אויף לאַנג; איך וועל ניט כאַפּן עסן אַלץ מיט אַמאָל, איך וועל עסן צו ביסלעכווייז, כדי קיין ברעקל זאָל ניט פאַרלאָרן גיין: פריער וועל איך אויפעסן דאָס האַרטע, און פאַרבייסן וועל איך מיט דעם ווייכן און זיסן".

און דער וואָלף האָט אַרומגעשמעקט די ציג, דעם ווילדן חזיר און דעם מענטשן און האָט געזאָגט: „דאָס איז אַ ווייכער ביסן, איך וועל דאָס שפּעטער אויפעסן, לאָמיר אָקאָרשט אויפעסן אָט די אָדערן אויפן בויגן". ער האָט אָבער איבערגעביסן דעם אָנצי-שטריקל, דער בויגן האָט אַליין פון זיך אַ שפּרונג געטאָן און דערלאַנגט דעם וואָלף גלייך אין בויך אַריין. דער וואָלף איז באַלד טאַקע געפגרט, און אַנדערע וועלף האָבן אויפגעגעסן דעם מענטש, די ציג, דעם ווילדן חזיר און דעם וואָלף.

## די פויגל און די נעץ.

אַ יעגער האָט צעשטעלט אַ נעץ ביים טייך און געכאַפּט אין איר אַ סך פויגל. די פויגל זיינען געווען גרויסע, האָבן זיי אויפגעהויבן די נעץ און זיינען צוזאַמען מיט איר אַוועקגעפלויגן. דער יעגער האָט זיך געלאָזט זיי נאָכיאָגן. אַ פויער האָט דערזען, ווי דער יעגער לויפט, רופט ער זיך אָן צו אים: „וווהין לויפסטו דאָס? ניט שוין-זשע וועסטו צופוס דעריאָגן די פויגל?" דער יעגער האָט געזאָגט: „ווען איך וואָלט געהאַט צו טאָן מיט

איין פויגל, וואָלט איך ניט דעריאָגט, אָבער איצט וועל איך זיי געוויס דעריאָגן".

און אַזוי איז טאַקע געווען. ווען עס איז געקומען די נאַכט, האָבן די פויגל אָנגעהויבן צו ציען אויף נאַכטלעגער — יעדער אין זיין זייט: איינער — צום וואַלד, דער צווייטער — צו דער בלאָטע, דער דריטער — אין פעלד אַריין, און זיי זיינען אַלע צוזאַמען מיט דער נעץ אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד און דער יעגער האָט זיי געכאַפּט.

## דער קיסר און דער פאַלק (סאָקאָל).

אַ קיסר האָט געהאַט אַ פאַלק, און האָט דעם פאַלק זייער ליב געהאַט. איינמאָל, בשעת אַ יאַגד, האָט דער קיסר אָנגערייצט דעם פאַלק אויף אַ האָז.

דער פאַלק האָט דעם האָז געכאַפּט און געבראַכט אים צו טראָגן דעם קיסר. און דעם קיסר האָט זיך דערווייל פאַרגלוסט אַ טרונק. האָט ער גענומען זוכן אַ קוואַל און לסוף געפונען אַ בערגל, וואָס פון אים איז טראָפּנווייז גערונען וואַסער. דער קיסר האָט אַרויסגענומען פון זיין זאָטל אַ כוס און אונטערגעשטעלט אים. אָבער דאָס וואַסער האָט זייער פאַמעלעך געטריפט, און עס האָט געדויערט זייער לאַנג ביז דער כוס איז פול געוואָרן. סוף כל סוף האָט דער קיסר צוגעטראָגן אים צום מויל און שוין געוואָלט טרינקען, פלוצים איז אויף זיין האַנט אַרויפגעפלויגן דער פאַלק, זיך צעפאָכעט מיט די פליגל און האָט צעשפריצט דאָס וואַסער. האָט דער קיסר ווייטער אונטערגעשטעלט דעם כוס, ווייטער לאַנג געוואַרט, און ענדלעך צוגעטראָגן דעם פולן כוס צום מויל. אָבער עס האָט זיך ווייטער איבערגעחזרט דאָס זעלבע: דער פאַלק האָט אַ שטופּ געטאָן דעם קיסרס האַנט און צעגאָסן דאָס וואַסער.

און ווען דער קיסר האָט צום דריטן מאָל אָנגנומען אַ פולן כוס וואַסער, און דער פאַלק האָט צום דריטן מאָל דאָס וואַסער צעגאָסן, איז שוין דער קיסר שטאַרק אין כעס געוואָרן. פון גרויס כעס האָט ער אַ שמיץ געטאָן דעם פאַלק אויף אַ שטיין און אים דערהרגעט. דערווייל זיינען צוגעפאָרן דעם קיסרס באַדינער, און איינער פון זיי איז אַרויפגעלאָפן צום קוואַל, כדי

מיט אַמאָל אָננעמען דאָס וואַסער. אָבער אויך דער דינער האָט קיין וואַסער ניט געבראַכט. ער איז געקומען מיט אַ ליידיקן כּוס און האָט צום קיסר געזאָגט: „מען טאָר דאָס וואַסער ניט טרינ־קען. אין קוואַל ליגט אַ שלאַנג, וואָס האָט אַרויסגעלאָזט אין וואַסער אַריין סם. אַ גליק וואָס דער פאַלק האָט דיר ניט גע־לאָזט טרינקען. וואָלסט זיך געווים פאַרסמט".

האָט דער קיסר געזאָגט: „שיין האָב איך אָפּגעדאַנקט דעם פאַלק: ער האָט מיר מיין לעבן געראַטעוועט און איך האָב אים דערהרגעט".

## דער קיסר און די העלפאַנדן.

אַ אינדישער קיסר האָט איינמאָל געהייסן צונויפקלייבן אַלע בלינדע פון זיין לאַנד און באַווייזן זיי זיינע העלפאַנדן. און ווען מען האָט די בלינדע געבראַכט צו פירן אין שטאַל אַריין, האָבן זיי גענומען טאַפּן מיט זייערע הענט די העלפאַנדן. איינער האָט געטאַפּט די פיס, דער צווייטער—דעם עק, דער דרי־טער—די פליישיקע טייל פונעם עק, דער פערטער—דעם בויך, דער פינפטער—די פלייצע, דער זעקסטער די אויערן, דער זי־בעטער—די פאָדערשטע לאַנגע ציין, דער אַכטער די גרויסע נאָז פון די העלפאַנדן און אַזוי ווייטער. שפּעטער האָט דער קיסר גערופן צו זיך די בלינדע און געזאָגט צו זיי: „באַשרייבט מיר מיינע העלפאַנדן!" האָט איין בלינדער זיך אָנגערופן: דיינע העל־פאַנדן זיינען ענלעך אויף זיילן,—דער בלינדער האָט געטאַפּט די פיס; דער צווייטער בלינדער, וואָס האָט געטאַפּט דעם עק, האָט געזאָגט: זיי זיינען ענלעך אויף בעזימער. דער דריטער האָט געזאָגט: זיי זיינען ענלעך אויף צווייגן,—ער האָט געטאַפּט די פליי־שיקע טייל פונעם עק. יענער וואָס האָט געטאַפּט דעם בויך, האָט געזאָגט: די העלפאַנדן זיינען ענלעך אויף אַ קופּע ערד; יענער, וואָס האָט געטאַפּט די זייטן, האָט געזאָגט: זיי זיינען ענלעך אויף אַ וואַנט. יענער, וואָס האָט געטאַפּט די פלייצע, האָט געזאָגט: זיי זיינען ענלעך אויף אַ בערגל. יענער, וואָס האָט געטאַפּט די אויערן, האָט געזאָגט: זיי זיינען ענלעך אויף טוכן. יענער, וואָס האָט געטאַפּט דעם קאָפּ, האָט געזאָגט: זיי זיינען ענלעך אויף אַ שטייסל. יענער, וואָס האָט געטאַפּט די פאָ־

דערשטע צייַן, האָט געזאָגט: זיי זייַנען ענלעך אויף הערנער. יענער, וואָס האָט געטאַפּט די לאַנגע נאָז, האָט געזאָגט: זיי זייַנען ענלעך אויף אַ גראָבער שטריק.

און די בלינדע האָבן נישט געקאָנט דורכקומען צווישן זיך און זיי האָבן זיך שטאַרק צעקריגט.

## פון וואָס נעמט זיך דאָס שלעכטס אויף דער וועלט.

אַ נזיר האָט געלעבט אין אַ וואַלד, און די חיות האָבן פאַר אים קיין מורא ניט געהאַט. ער און די חיות האָבן גע־רעדט צווישן זיך און איינער דעם אַנדערן גוט פאַרשטאַנען.

איינמאָל האָט זיך דער נזיר געלייגט אונטער אַ בוים, און אַ ראָב, אַ טויב, אַ הירש און אַ שלאַנג זייַנען זיך צונויפ־געקומען אויף נאַכט צו דעם זעלבן אָרט. די חיות האָבן אָנגע־הויבן צו שמועסן צווישן זיך, פון וואָס נעמט זיך דאָס שלעכטס אויף דער וועלט.

דער ראָב האָט געזאָגט: „דאָס גאַנצע שלעכטס אויף דער וועלט נעמט זיך פון הונגער. ווען דו עסט זיך זאַט אָן, דו זעצט זיך אַנידער אויף אַ צווייַג, און קראָקעסט זיך אונטער — איז אַלץ גוט, ווייל און מיט אַלץ ביסטו צופרידן. פּרווו אָבער אָפּהונגערן אַ טאָג — צוויי, כאַפּט דיך שוין אָן אַזאַ עקל צו אַלץ, אַז גאַנץ וועלט איז דיר ניט ליב. און עס ציט דיך ער־געץ, דו פליסט איבער פון איין אָרט אויפן צווייטן, אָבער קיין רו געפינסטו ניט. און טאָמער דערזעסטו אַ שטיק פלייש, ווערט דיר שוין גאָרנ־ט גוט, גיסט זיך אַ וואָרף אויף דעם נישט גע־טראַכט. אַן אַנדערש מאָל פאַרוואַרפט מען דיך מיט שטעקנס, מיט שטיינער, וועלף און הינט באַפאַלן דיך, אָבער דו שטייסט נישט אָפּ. נישט איינער פון אונזער חברה איז שוין אַזוי אומ־געקומען. יאָ, דאָס גאַנצע שלעכטס נעמט זיך פון הונגער".

די טויב האָט געזאָגט: „און איך מיין, אַז נישט פון הונ־גער, נאָר פון ליבע נעמט זיך דאָס גאַנצע שלעכטס אויף דער וועלט. ווען מיר וואָלטן געלעבט באַזונדער, וואָלטן מיר פון קיין שום צרות ניט געוווּסט. איין קאָפּ איז ניט קליין, און אויב ער איז יאָ קליין, איז ער דאָך פאַרט אַליין. און דאָ לעבן מיר כסדר פאַרלעבכווייז. און דו באַקומסט אַזוי ליב דייַן פּאָר, אַז דו גע־

פינסט זיך ניט קיין אָרט—האַלסט אין איין טראַכטן: איז זי זאַט? איז איר וואַרים? און טאָמער פליט דיין פאָר ערגעץ אַוועק פון דיר, ווערסטו שוין גאָר אויסער זיך, הערסט ניט אויף איבערצוטראַכטן, אפשר האָט זי זיך אָדלער אַוועקגעשלעפּט, אָדער מענטשן האָבן זי געכאַפּט; פליסט אַוועק זי זוכן און פאַלסט אַריין אין אַן אומגליק—צו אַן אָדלער אין די נעגל, אָדער אין אַ נעץ אַריין. און טאָמער ווערט דיין פאָר פאַרפאַלן, איז שוין דיר גאָרנישט ניט ליב. נישט דו טרינקסט, נישט דו עסט, האַלסט אין איין אַרומזוכן און אין איין וויינען. וויפל אונזעריקע קומען אום אַזוי. דאָס גאַנצע שלעכטס נעמט זיך פון ליבע און נישט פון הונגער".

און די שלאַנג האָט געזאָגט: „ניין, דאָס שלעכטס קומט אַרויס ניט פון ליבע און ניט פון הונגער, ווייל דאָס שלעכטס נעמט זיך גאָר פון שלעכטסקייט. וואָס וואָלט אונז אָפּגעגאַנגען, ווען מיר וואָלטן געלעבט רואיק און זיך ניט געבייזערט? טאָמער טוט זיך עפּעס אָפּ ניט אַזוי, ווי דו ווילסט, ווערסטו באַלד אין כעס און אַלץ ווערט דיר נמאס. הערסט נישט אויף צו טראַכטן אויף וועמען דעם כעס אויסצולאָזן. דו ווייסט שוין אַליין ניט, אויף וועלכער וועלט דו ביזט, דו צישסט, קריכסט אַרום, זוכסט וועמען אַ בים צו טאָן. אויף קיינעם לייגסטו דאַמאָלסט קיין אַכט ניט, דעם טאַטן, דער מאַמען ביזטו גרייט צו בייסן, זיך זעלבסט וואָלסטו, דאַכט זיך, דאַמאָלסט, אויפגעגעסן אַ לעבעדיקן. בייזערסט זיך אַזוי לאַנג, ביז דו ברענגסט זיך אום. אַזוי איז דאָס, דאָס גאַנצע שלעכטס אויף דער וועלט נעמט זיך נאָר פון שלעכטסקייט".

און דער הירש האָט געזאָגט: „ניין, ניין, דאָס שלעכטס נעמט זיך פון מורא, און ניט פון שלעכטסקייט, פון ליבע אָדער פון הונגער. מען זאָל קאָנען נישט מורא צו האָבן, וואָלט אַלץ גוט געווען. פיס האָבן מיר פלינקע, כוחות אָן אַ שיער. פון אַ קליינער חיה וואָלטן מיר געקאָנט זיך אָפּשלאָגן מיט די הערנער, פון אַ גרויסער—אַנטלויפן. אָבער נישט מורא האָבן קאָנען מיר ניט. עס איז גענוג אַ צווייג זאָל אַ קראַך טאָן אין וואַלד, אָדער די בלעטער זאָלן אַ שאָרכע טאָן, דו זאָלסט ווערן פאַרציטערט פון שרעק. דאָס האַרץ הייבט זיך אָן וואַרפן, שיער עס פאַלט ניט אַרויס, און דו פליסט פון אַלע כחות. אַן אַנדערש

מאָל לויפט דורך אַ האָז, אַ פויגל גיט אַ צאַפּל, אָדער אַ טרוקענע צווייג ברעכט זיך איבער, און דו מיינסט שוין, אַז אַ חיה איז נאָענט. דו לאָזט זיך לויפן און טרעפסט אָן אויף אַ חיה. אַמאָל אַנטלויפסטו פון אַ הונט און פאַלסט אַריין צו אַ מענטשן. אָפט דערשרעקסטו זיך אָן אַ שום סיבה און לויפסט, פאַלסט אַראָפּ פון אַ באַרג און ווערסט דערהרגעט. און שלאָפן שלאָפסטו דאָך אויך אויף איין אויג. הערסט זיך צו און ביזט פול מיט שרעק. קיינמאָל האָבן מיר ניט קיין רו. יאָ, דאָס גאַנצע שלעכטס נעמט זיך פון מורא.

דאַן האָט זיך דער נזיר אָנגערופן:

„נישט פון הונגער, נישט פון ליבע, נישט פון שלעכטס־קייט, נישט פון מורא נעמען זיך אַלע צרות. דאָס גאַנצע שלעכטס אויף דער וועלט נעמט זיך פון אונזער גוף. פון אים קומט דאָס אַרויס דער הונגער, די ליבע, די שלעכטסקייט און די מורא".

## דער וואָלף און די יעגער.

אַ וואָלף האָט אויפגעגעסן אַ שעפעלע; האָבן די יעגער דעם וואָלף געכאַפּט און גענומען אים שלאָגן. רופט זיך אָן דער וואָלף: „אומזיסט און אומנישט שלאָגט איר מיך; עס איז ניט מיין שולד, וואָס איך בין אַ גרויער,—אַזוי האָט שוין מיך גאָט באַשאַפן". אָבער די יעגער האָבן געזאָגט: „נישט דערפאַר שלאָגט מען דעם וואָלף, וואָס ער איז גרוי, נאָר דערפאַר, וואָס די שעפעלע עסט ער אויף".

## צווײ פויערים.

צווײ פויערים האָבן זיך איינמאָל באַגעגנט אין וועג און זיך פאַרטשעפּעט מיט די שליטנס. איינער שרייט: „לאָז דעם וועג, — איך דאַרף וואָס גיכער אין שטאָט זיין!" און דער צווייטער שרייט: „דו לאָז דעם וועג, מיר איז בילכער, איך מוז אַהיים פאָרן!" האָבן זיי זיך געקריגט און געקריגט, ביז אַ דריטער פויער האָט זיי דערזען און געזאָגט צו זיי: „אויב איר דאַרפט אויף דער אמתן גיך פאָרן, טאָ מאַכט זשע פריי דעם וועג".

33

# דער פויער און דאָס פערד.

אַ פויער איז געפאָרן אין שטאָט אַריין נאָך האָבער צוליב זיין פערד. ווי נאָר ער איז אַרויסגעפאָרן פון דאָרף, האָט דאָס פערד באַלד גענומען פאַרקערעווען אויף צוריק אַהיים. דער פויער האָט דעם פערד דערלאַנגט מיטן בייטש. דאָס פערד האָט זיך געלאָזט גיין און טראַכט זיך דערביי וועגן פויער: „וואוהין טרייבט ער מיך, דער נאַר, בעסער וואָלטן מיר אַהיים געפאָרן". ווען מען האָט זיך שוין דערנעענטערט צו דער שטאָט, זעט דער פויער, אַז דעם פערד איז שווער צו גיין אין בלאָטע. האָט ער פאַרקערעוועט אויפן ברוקירטן שליאַך, און דאָס פערד ציט צוריק פונעם שליאַך. האָט דער פויער דעם פערד ווייטער דערלאַנגט מיטן בייטש און אים אַ שלעפּ געטאָן; דאָס פערד האָט זיך געלאָזט איבערן שליאַך און טראַכט זיך דערביי: „און צוליב וואָס שלעפּט ער מיך אויפן שליאַך, נאָר די קאָפּיטעס צעברעכן. דאָ איז זייער האַרט אונטער די פיס".

דער פויער איז צוגעפאָרן צו אַ קראָם, געקויפט האָבער און האָט פאַרקערעוועט אַהיים. ווען ער איז געקומען אַהיים, האָט ער געגעבן דעם פערד האָבער. האָט דער פערד גענומען עסן און טראַכט זיך דערביי: ווי די מענטשן זיינען נאַריש! זיי האָבן זיך ליב איבערנעמען, אָבער שכל האָבן זיי ווייניקער פון אונז. וואָס האָט ער געטומלט? עפּעס ערגעץ געפאָרן, מיך געטריבן, וויפיל מיר זיינען נישט געפאָרן, זיינען מיר דאָך פאָרט געקומען אַהיים. בעסער וואָלטן מיר שוין לכתחילה ביידע געבליבן אין דער היים: ער אויפן אויוון צו זיצן, און איך צו עסן מיין האָבער.

# צוויי פערד.

צוויי פערד האָבן געפירט צוויי פורן. דאָס פאָדערשטע פערד האָט גוט געפירט, און דאָס הינטערשטע איז צוגעשטאַנען. האָט מען גענומען איבערלייגן די משא פון דער הינטערשטער פור אויף דער פאָדערשטער. ווען מען האָט אַלץ איבערגעלייגט, איז דאָס הינטערשטע פערד געגאַנגען מיט אַ ליידיקער פור. רופט עס זיך אָן צום פאָדערשטן:

„שוויג, שלאָג זיך פון די כוחות אַרויס. וואָס מער דו וועסט זיך פליסן, אַלץ מער וועט מען דיך מוטשען".

אָבער ווען זיי זיינען געקומען אויף דער אכסניה, האָט דער בעל־הבית געזאָגט:

„וואָס טויג מיר צוויי פערד צו האָדעווען, אויב איך פיר נאָר מיט איינעם? בעסער וועל איך איינעם געבן גענוג צו עסן, און דעם אַנדערן וועל איך קוילן. דאַמאָלסט וועל איך כאָטש זיין פעל האָבן".

און אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן.

## די האַק און די זעג.

צוויי פויערים זיינען געגאַנגען אין וואַלד נאָך האָלץ. איינער האָט געהאַט אַ האַק, און דער צווייטער — אַ זעג. האָבן זיי אויסגעקליבן אַ בוים און גענומען אַמפּערן זיך. איינער זאָגט: דעם בוים דאַרף מען אָפּהאַקן, און דער צווייטער זאָגט: ניין, מען דאַרף אים אָפּזעגן.

רופט זיך אָן צו זיי אַ דריטער פויער: „איך וועל אייך באַלד איבערבעטן: אויב די האַק איז שאַרף, איז בעסער צו האַקן, נאָר אויב די זעג איז נאָך שאַרפער, איז בעסער צו זעגן". ער האָט גענומען די האַק און געפּרוווט האַקן דעם בוים. אָבער די האַק איז געווען אַזוי טעמפּ, אַז מען האָט מיט איר אינגאַנצן ניט געקענט האַקן.

האָט ער גענומען די זעג: די זעג איז געווען אַ שלעכטע און האָט אינגאַנצן ניט געשניטן. דאַן האָט ער געזאָגט: „וואַרט צו, קריגט זיך ניט: די האַק האַקט נישט און די זעג זעגט נישט. שאַרפט פריער אָן די האַק און מאַכט צורעכט די זעג, וועט איר שפּעטער צייט האָבן צו קריגן זיך". אָבער די פויערים זיינען נאָך מער איינער אויפן צווייטן אין כעס געוואָרן פאַרוואָס איז ביי דעם די האַק ניט שאַרף און ביי יענעם די זעג טעמפּ, און זיי האָבן זיך אָנגעהויבן צו שלאָגן.

## די הינט און דער קעבער.

אַ קעבער האָט געקאָכט מיטאָג; ביים טיר פון קיך זיינען

געלעגן הינט. דער קעבער האָט געקוילעט אַ קעלבל און אַרויס־געוואָרפן די געדערים אויפן הויף. האָבן די הינט געכאַפּט די געדערים, אויפגעגעסן און האָבן געזאָגט: „אַ גוטער קעבער: קאָכט גוט".

אַ ביסל שפּעטער האָט דער קעבער גענומען רייניקן אַר־בעס, רעטאַך און ציבעלע און האָט אַרויסגעוואָרפן אויפן הויף די שאָלעכץ. האָבן זיך די הינט אַ וואָרף געטאָן אויף דער שאָלעכץ, אָבער באַלד אַ דריי געטאָן מיט די נעזער און האָבן געזאָגט: „קאַליע געוואָרן אונזער קעבער: פריער גוט געקאָכט, און איצט טויג ער שוין אויף גאָרנישט".

דער קעבער האָט זיך ניט צוגעהערט צו זיי, און האָט געקאָכט, ווי ער פאַרשטייט. דעם מיטאָג האָבן געגעסן און גע־לויבט די בעלי־הבתים, און נישט די הינט.

## דער האָז און דער יאַגד־הונט.

אַ האָז האָט זיך אַמאָל אָנגערופן צו אַ יאַגד־הונט: „פאַר־וואָס בילסטו בשעת דו יאָגסט זיך נאָך אונז? דו וואָלסט דאָך אונז גיכער געכאַפּט, ווען דו שווייגסט בשעת מעשה: מיט דיין בילן שיקסטו נאָר אָן אויף אונז דעם יעגער. ער דערהערט דיין בילן, פאַרלויפט אונז דעם וועג מיטן ביקס, הרגעט אונז, און דיר קומט גאָרנישט אָן".

האָט דער הונט צו אים געזאָגט: „נישט צוליבן יעגער ביל איך. די זאַך קומט פאַר אַזוי: ווי נאָר איך דערפיל דיין ריח, ווער איך אין כעס, פריי זיך, וואָס איך וועל דיך באַלד כאַפּן, און הייב אָן צו בילן, אַליין ניט ווייסן פאַרוואָס".

## דער דעמב און דער ניסן־בוים.

אַן אַלטער דעמב האָט אַראָפּגעוואָרפן אַ חזירשן ניסל גלייך אונטער אַ ניסן־בוים. האָט דער ניסן־בוים געזאָגט צום דעמב: „קאַרג אָרט האָסטו אונטער דיינע צווייגן? וואַרף בעסער דיינע חזירשע ניסלעך אויף אַ פריי אָרט. דאָ איז אַפילו פאַר מיר און פאַר מיינע שטאַמען ענג. איך אַליין וואַרף ניט מיינע נים אויף דער ערד. איך גיב זיי אָפּ די מענטשן".

„איך לעבֿ 200 יאָר, — האָט דער דעמבֿ אָפּגעענט־פֿערט, — און דער דעמבֿל פֿון אָט דעם דזשירשן ניסל וועט אויך אַזוי־פֿיל לעבֿן".

דאַן איז דער ניסן־בוים געוואָרן אין כּעס און געזאָגט: „וועל איך דערשטיקן דיין דעמבֿל, און ער וועט אַפֿילו קיין דריי טעג ניט לעבֿן". דער דעמבֿ האָט גאָרניט געענטפֿערט, און נאָר געהייסן זיין זונדל, אַז ער זאָל וואַקסן פֿונעם חזירשן ניסל.

דאָס חזירשע ניסל איז אָנגעווייקט געוואָרן, האָט געפּלאַצט, זיך פֿאַרטשעפּעט מיט אַן עק פֿון אַ וואָרצל פֿאַר דער ערד, און אַ צווייטן וואָרצל געלאָזט וואַקסן אַרויף.

דער ניסן־בוים האָט אים פֿאַרשטעלט און ניט דערלאָזט צו אים די זון. אָבער דער דעמבֿל האָט זיך געצויגן אַרויף און געוואָרן שטאַרקער אין דעם שאָטן פֿונעם ניסן־בוים. עס זיינען אַריבער הונדערט יאָר. דער ניסן־בוים איז שוין לאַנג פֿאַרדאַרט געוואָרן, און דער דעמבֿ האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿונעם חזירשן ניסל ביזן הימל אַרויף און האָט צעוואָרפֿן אויף אַלע זייטן זיין צווייגן־געצעלט.

# די קוואָקע און די הינדעלעך.

אַ קוואָקע האָט אויסגעוואַרעמט אַ סך הינדעלעך. ווען זיי האָבן זיך אויסגעפּיקט, האָט די הון ניט געוואוסט, ווי אַזוי זיי צו פֿאַרהיטן. רופֿט זי זיך אָן צו זיי: „קריכט צוריק אין שאָ־לעכץ אַריין; איר וועט ווייטער זיין אין שאָלעכץ, איך וועל זיך ווייטער זעצן אויף אייך, ווי איך בין פֿריער געזעסן, און קיין שום שלעכטס וועט אייך ניט געשען". די הינדעלעך האָבן זי געפֿאָלגט און געפּרוּווט קריכן צוריק אין זייער שאָלעכץ אַריין, אָבער זיי האָבן בשום אופֿן ניט געקאָנט אַהין אַריינקריכן. זיי האָבן זיך נאָר די פֿליגל צעקנייטשט. רופֿט זיך אָן איין הינדעלע צו זיין מוטער:

„אויבֿ דו האָסט געטראַכט כּסדר צו האַלטן אונז אין שאָ־לעכץ, האָסטו אינגאַנצן ניט באַדאַרפֿט ברענגען אונז אויף דער וועלט".

# דער וואַכטל און זיין פּאָר.

אַ פֿעלד־וואַכטל האָט שפּעט געמאַכט זיין נעסט, און ווען עס איז געקומען שניט־צייט, איז זיין פּאָר נאָך געזעסן אויף די אייער. איינמאָל גאַנץ פֿרי זיינען אין פֿעלד געקומען די דאָרפֿסלייט. זיי האָבן אויסגעטאָן די אייבערשטע מלבושים, אָנגעשאַרפֿט די קאָסעס און האָבן אָנגעהויבן צו שניידן די גראָז, אויסלייגן זי רייענווייז. דער וואַכטל איז אַרויסגעפֿלויגן אַ קוק טאָן, וואָס די שניטערס טוען. ער האָט דערזען, ווי איין פּויער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער קאָסע און האָט צעשניטן אַ שלאַנג אויף דער האַלב. האָט ער זיך דערפֿרייט, אַוועקגעפֿלויגן צו זיין פּאָר און האָט געזאָגט צו איר: „האָב ניט קיין מורא פֿאַר די דאָרפֿסלייט. זיי זיינען געקומען שניידן די שלאַנגען; די שלאַנגען לאָזן שוין אונז לאַנג ניט לעבן". און זיין פּאָר האָט געזאָגט: „די דאָרפֿסלייט שניידן די גראָז, אָבער צוזאַמען מיט דער גראָז שניידן זיי אַלץ, וואָס עס קומט זיי אונטער דער האַנט: אַ שלאַנג אָדער אַ נעסט פֿון אַ וואַכטל אָדער דעם קאָפּ פֿונעם וואַכטל אַליין. עפּעס זאָגט מיר מיין האַרץ ניט קיין גוטס. אָבער איך קאָן ניט אַוועקטראָגן די אייער, איך קאָן אויך ניט אַוועקפֿליען פֿונעם נעסט, ווייל איך האָב מורא, די אייער זאָלן ניט אָפּגעקילט ווערן".

האָט אַ פּויער אַ מאַך געטאָן מיט דער קאָסע און האָט אַראָפּגעהאַקט דעם וואַכטלס פּאָר איר קאָפּ. די אייער האָט ער אַריינגעלייגט אין בוזעם און שפּעטער אָפּגעגעבן זיי די קינדער אויף שפּילן זיך מיט זיי.

# די קו און דער באָק.

אַן אַלטע באָבע האָט געהאַט אַ קו מיט אַ באָק. די קו מיטן באָק זיינען צוזאַמען געגאַנגען פּאַשען זיך. איינמאָל, בשעת מען האָט די קו געמאָלקן, האָט זי בשום אופֿן ניט געוואָלט איינשטיין אויף איין אָרט. האָט די אַלטע אַרויסגעטראָגן ברויט מיט זאַלץ, געגעבן דער קו און דערביי געטענהט מיט איר: „אָבער שטיי־זשע איין, ליבע; נאַ, נאַ, איך וועל דיר נאָך ברענגען, אַבי שטיי רואיק".

אויפֿן צווייטן אויפֿדערנאַכט איז דער באָק געקומען צוריק פֿון פֿעלד פֿריער פֿאַר דער קו, צענומען די פֿיס און געשטעלט זיך לעבן דער אַלטער. די אַלטע האָט אַ מאַך געטאָן אויף אים מיטן האַנדטוך, אָבער דער באָק איז געשטאַנען און זיך נישט גערירט פֿונעם אָרט. ער האָט גוט געדענקט, ווי די אַלטע האָט צוגעזאָגט דער קו ברויט, אויב זי וועט שטיין רואיק. די אַלטע האָט געזען, אַז דער באָק שטייט נישט אָפּ פֿון איר, האָט זי גענומען אַ שטעקן און גוט אים אָנגעשלאָגן.

ווען דער באָק איז אָפּגעטראָטן פֿון איר, האָט די אַלטע ווייטער גענומען האָדעווען די קו מיט ברויט און איינ־ריידן זי.

„די מענטשן האָבן גאָר קיין יושר נישט! — האָט אַ טראַכט געטאָן דער באָק: — איך בין רואיקער פֿון דער קו געשטאַנען, האָט מען מיך געשלאָגן".

און ער איז אָפּ אין אַ זייט, זיך צעיאָגט, אַרויפֿגע־לאָפֿן אויפֿן עמער, צעגאָסן דאָס מילך און אַ קלאַפּ געטאָן די אַלטע.

## דער עק פֿון דעם פֿוקס.

אַ מענטש האָט געכאַפּט אַ פֿוקס און האָט געפֿרעגט ביי אים: „ווער האָט אויסגעלערנט די פֿוקסן, צו נאַרן מיט זייער עקן די הינט?" דער פֿוקס האָט געפֿרעגט: „וואָס הייסט נאַרן? מיר נאַרן דען די הינט, מיר אַנטלויפֿן נאָר, וויפֿיל מיר האָבן כּוחות, פֿון זיי". דער מענטש האָט געזאָגט: „ניין, איר נאַרט זיי אָפּ מיטן עק. ווען די הינט דעריאָגן אייך און האַלטן שוין ביים כאַפּן אייך, גיט איר אַ דריי דעם עק אין איין זייט; דער הונט גיט זיך האַסטיק אַ לאָז נאָכן עק, און איר אַנטלויפֿט דאַמאָלסט אין דער צווייטער זייט". האָט זיך דער פֿוקס צע־לאַכט און האָט געזאָגט: „מיר טוען דאָס גאָר נישט, כּדי אָפּצו־נאַרן די הינט, נאָר ווייל מיר דאַרפֿן זיך אויסקערעווען: אַז דער הונט דעריאָגט אונז און מיר זעען, אַז מיר קאָנען נישט אַוועקגיין מיטן גלייכן וועג, — פֿאַרקערעווען מיר אין אַ זייט; און כּדי צו קאָנען ראַפּטום אַ קערעווע טאָן זיך אין אַ זייט,

דאַרפֿן מיר אַ מאַך טאָן מיטן עק אין דער צווייטער, —
פּונקט ווי איר טוט אַ מאַך מיט די הענט, בשעת איר ווילט
זיך אויסדרייען אין מיטן לויף. עס איז ניט אונזער אײַנפֿאַל;
גאָט אַליין, בשעת ער האָט אונז באַשאַפֿן, האָט עס צוגעטראַכט,
כּדי די הינט זאָלן ניט פּטרן אַלע פֿוקסן ביז איינעם".

# מעשיות פאַר קינדער.

## דער וואָלף.

געווען אַמאָל אַ ייִנגל. האָט ער זייער ליב געהאַט צו עסן הינדעלעך און האָט זייער מורא געהאַט פאַר וועלף.

ליגט זיך איינמאָל דער ייִנגל שלאָפן און ווערט אַנטשלאָפן. חלומט זיך אים, אַז ער גייט איבער אַ וואַלד און זוכט שוואָמען, פּלוצלונג שפּרינגט פון אונטער די ביימלעך אַרויס אַ וואָלף און באַפאַלט אים.

דער ייִנגל האָט זיך דערשראָקן און גענומען שרייען: „אַי, אַי, אַי, ער וועט מיך אויפעסן!"

זאָגט דער וואָלף: „איך עס נאָך דיך דערווייל ניט, איך וויל נאָר מיט דיר אַ ביסל דורכשמועסן זיך".

און דער וואָלף האָט גענומען ריידן מיט אַ מענטשיש קול.

און ער רופט זיך אָן: — דו האָסט מורא איך זאָל דיך ניט אויפעסן. און דו אַליין טוסט אַנדערש? האָסט ליב הינדעלעך?

— יאָ, איך האָב זיי ליב.

— פאַרוואָס זשע עסטו זיי? זיי, די הינדעלעך, זיינען דאָך פונקט אַזעלכע לעבעדיקע, ווי דו. גיי אַרויס אין אַ פרימאָרגן, קוק זיך צו ווי מען כאַפּט די הינדעלעך, ווי דער קעכער־טראָגט זיי אין קיך אַריין, שניידט זיי איבער דעם האַלדז און ווי די מוטער קוואָקעט נעבעך, וואָס מען נעמט צו ביי איר אירע קינדערלעך. האָסט דאָס געזען? — פרעגט דער וואָלף.

דער יינגל זאָגט: — ניין, איך האָב ניט געזען.

— אויב דו האָסט ניט געזען, טאָ גיב זשע אַ קוק. אָבער איצט וועל איך דיך שוין אויפעסן. דו ביזט דאָך אויך אַזאַ הינדעלע — וועל איך דיך טאַקע אויפעסן.

און דער וואָלף האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן יינגל. דער יינגל האָט זיך דערשראָקן און אַ געשריי געטאָן: „אַי, אַי, אַי!" אַ געשריי געטאָן און זיך אויפגעכאַפּט.

פון יענעם מאָל אָן האָט שוין דער יינגל אויפגעהערט צו עסן פלייש — ער האָט זיך ניט צוגערירט נישט צו קיין רינדערן־פלייש, נישט צו קיין קעלבערנעם און אויך צו קיין שום עופות ניט.

## דאָס אונטערגעוואָרפן קינד.

אַן אָרעמע פרוי האָט געהאַט אַ טאָכטער מאַשאַ. איינמאָל אינדערפרי איז מאַשאַ געגאַנגען נאָך וואַסער און ביי דער טיר דערזען עפּעס אַ זאַך פאַרוויקלט אין שמאַטעס. מאַשאַ האָט אַוועקגעשטעלט די עמער און גענומען פונאַנדערוויקלען די שמאַטעס. אָבער ווי נאָר זי האָט זיך צוגערירט צו די שמאַטעס, האָט פון צווישן זיי עפּעס אַרויסגעשריִען: אואַ, אואַ, אואַ! מאַשאַ האָט זיך איינגעבויגן און דערזען אַ קליין רויט קינד. דאָס קינד האָט הויך געשריִען: אואַ! אואַ! מאַשאַ האָט אים גענומען אויף די הענט, אַריינגעטראָגן אים אין שטוב און געגעבן אים מילך פון אַ לעפעלע. די מוטער האָט זי געפרעגט: „וואָס האָסטו מיט זיך געבראַכט?" מאַשאַ האָט איר געענטפערט: „איך האָב געפונען ביי אונזער טיר אַ קינד". די מוטער האָט געזאָגט: „מיר זיינען אַזוי אויך אָרעם, ווי קאָנען מיר אויסהאַלטן נאָך איין קינד; איך וועל גיין מעלדן, מען זאָל צונעמען פון אונז דאָס קינד". מאַשאַ האָט זיך צעוויינט און האָט געזאָגט: „מאַמע, ער וועט ניט עסן קיין סך, לאָז ער בלייבן ביי אונז. קוק אָן זיינע רויטינקע, געקנייטשטע הענטעלעך און זיינע קליינינקע פינגערלעך". די מוטער האָט אַ קוק געטאָן, זיך דערבאַרעמט אויפן קינד און אים געלאָזט ביי זיך. מאַשאַ האָט דעם קינד געגעבן עסן, געוויקלט אים און פאַרן שלאָף געזונגען אים לידער.

# דער פויער און די אוגערקעס.

א פויער איז אמאל אריין צו א גערטנער גנבענען ביי אים אוגערקעס. ער איז צוגעקראכן צו די אוגערקעס און טראכט זיך בשעת מעשה: „באלד וועל איך אננעמען א פולן זאק או=גערקעס און וועל זיי פארקויפן, פארן געלט וועל איך קויפן א הון. די הון וועט מיר לייגן אייער, פון די אייער וועלן זיך אויספיקן א סך הינדעלעך. די הינדעלעך וועל איך אויסהאדע=ווען און פארקויפן, כדי פאר דעם געלט צו קויפן א חזירל. דאס חזירל וועט האבן א סך חזירימלעך. די חזירימלעך וועל איך פארקויפן, כדי צו קויפן א פערדל. און ווען ביי דעם פערדל וועלן שוין זיין לאשעקלעך, וועל איך זיי אויסהאדעווען און פארקויפן, כדי צו קויפן א שטוב. לעבן שטוב וועל איך פאר=פלאנצן א גארטן און וועל פארזעצן דארט אוגערקעס. גנבים וועלן אהין ניט האבן קיין צוטריט, איך וועל דינגען א שטארקע וואך, כדי זי זאל היטן די אוגערקעס און אליין וועל איך פארביי=גיין מיט א געשריי: „היי, איר, היט דארט שטארקער!" און דער פויער האט זיך דערביי צעשריען אויפן קול. די היטערס האבן דערהערט, זיינען זיי ארויסגעשפרונגען און האבן דעם פויער גוט מכבד געווען מיט קלעפ.

# די שרפה.

די מעשה איז געווען שניט=צייט. די פויערים מיט זייערע ווייבער זיינען אוועק אין פעלד אויף דער ארבעט. נישט געגאנ=גען זיינען נאר אלטע=לייט און קליינוואַרג. אין איין שטוב זיינען אין דערהיים געבליבן א באבע מיט אירע דריי אייניקלעך. די באבע האט פארשארט דעם אויסגעהייצטן אויוון און האט זיך צוגעלייגט א ביסל. די פליגן האבן איר ניט געלאזט צורו, גע=האלטן אין איין בייסן זי. האט זי פארדעקט דעם פנים מיט א האנטוך און איז איינגעשלאפן געווארן. מאשע, איינע פון די איי=ניקלעך, וואס איז אלט געווען דריי יאר, האט אויפגעעפנט דעם אויוון, אנגעשארט אין א שטשערבל א ביסל קוילן און אוועק מיט זיי אין פאדערהויז. דארט איז געלעגן היי, וואס די ווייבער האבן צוגעגרייט אויף צו בינדן די סטערטעס. מאשע האט גע=בראכט די קוילן, אריינגעלייגט זיי צווישן היי, און גענומען

בלאָזן אויף זיי. ווען דאָס היי האָט זיך אָנגעכאַפּט, האָט זי זיך שטאַרק דערפרייט, איז אַריין אין שטוב און געבראַכט צו פֿירן פֿאַר אַ האַנט איר ברודער קירושקען (ער איז אַלט געווען אָנדערטהאַלבן יאָר, און זיך ערשט אויסגעלערנט גיין), און האָט אַזוי געזאָגט צו אים: „קוק, קילוסקע, וואָס פֿאַל אַן אויוון איך האָב צעבלאָזט". דאָס היי האָט שוין געברענט און שטאַרק געקנאַקט. ווען דאָס פֿאָדערהויז איז געוואָרן פֿול מיט רויך, האָט זיך מאַשע דערשראָקן און איז אַריינגעלאָפֿן צוריק אין שטוב. קירושאַ איז געפֿאַלן אויפֿן שוועל, צעשלאָגן זיך די נאָז און האָט זיך צעוויינט. מאַשע האָט אים אַריינגעשלעפּט אין שטוב און זיי האָבן זיך ביידע באַהאַלטן אונטער אַ באַנק. די באָבע האָט גאָר־ניט געהערט און איז זיך אַלץ געשלאָפֿן. דער עלטערער יינגל, וואַניאַ (ער איז אַלט געווען אַכט יאָר), האָט זיך געשפּילט אין דרויסן. ווען ער האָט דערזען דעם רויך, וואָס האָט געשלאָגן פֿונעם פֿאָדערהויז, איז ער אַריין אין טיר, קוים דורכגעריסן זיך דורכן רויך אין שטוב אַריין און גענומען וועקן די באָבע; די באָבע איז פֿון שלאָף פֿונקט ווי דול געוואָרן און האָט איינגאַנצן פֿאַרגעסן וועגן די קינדער. זי איז אַרויסגעשפּרונגען און געלאָזט זיך לויפֿן נאָך מענטשן. און מאַשע איז זיך דערווייל געזעסן אונטערן באַנק און האָט געשוויגן, אָבער דער קליינער יינגל האָט געשריען, ווייל עס האָט אים שטאַרק וויי געטאָן די צעשלאָגענע נאָז. וואַניאַ האָט דערהערט זיין געוויין, אַ קוק געטאָן אונטערן באַנק און האָט אַ געשריי געטאָן צו מאַשען: „לויף, וועסט פֿאַרברענט ווערן!" מאַשע האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום פֿאָדערהויז, נאָר דער רויך מיטן פֿייער האָבן זי נישט געלאָזט דורכגיין. איז זי געקומען צוריק. דאַמאָלסט האָט וואַניאַ אויפֿגעעפֿנט דעם פֿענסטער און געהייסן איר קריכן. ווען זי איז דורכגעקראָכן, האָט וואַניאַ אַ כאַפּ געטאָן דעם ברודער און גענומען אים שלעפּן, נאָר דער יינגל איז געווען אַ שווערער און נישט געלאָזט זיך שלעפּן. ער האָט געוויינט און געשטופּט וואַניען. צוויי מאָל איז וואַניאַ געפֿאַלן, ביז ער האָט אים דערשלעפּט צום פֿענסטער; די טיר פֿון שטוב האָט שוין געברענט. האָט וואַניאַ אַריינגעשטעקט דעם יינגלס קאָפּ אין פֿענסטער אַריין און געוואָלט דורכשטופּן אים; נאָר קירושאַ (ער האָט זיך שטאַרק דערשראָקן) האָט זיך אָנגעכאַפּט פֿאַרן פֿענסטער און ניט אָפּגעריסן די הענטלעך פֿון אים. דאַמאָלסט האָט וואַניאַ

אַ געשריי געטאָן צו מאַשען: „שלעפּ אים פאַרן קאָפּ” און אַליין האָט ער אים געשטופּט פון הינטן. און אויף אַזאַ אופן האָבן זיי ביידע אַרויסגעשלעפּט אים דורכן פענסטער אויפן גאַס.

## דאָס אַלטע פערד.

געווען ביי אונז אַ זקן, פּימען טימאָפעיטש האָט ער גע־הייסן, איז ער אַלט געווען 90 יאָר. האָט ער גאָרניט געטאָן און געלעבט ביי זיין אייניקל אויף אַלעם גרייטן. זיין פּלייצע איז שוין געווען איינגעהויקערט: ער איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ שטעקן און שטיל געשאַרט מיט די פיס בשעתן גאַנג. קיין ציין האָט ער שוין אויך ניט געהאַט און דער פּנים איז ביי אים גע־ווען איינגעשרומפּן. די אונטערשטע ליפּ האָט זיך ביי אים גע־טרייסלט. ער האָט שטענדיק געשמאָקעט מיט די ליפּן און מען האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס ער רעדט.

מיר זיינען געווען פיר ברידער, און אַלע פיר האָבן מיר ליב געהאַט צו פאָרן רייטנדיק. אָבער קיין רואיקע רייט־פערד זיינען ביי אונז נישט געווען. האָט מען אונז ערלויבט צו פאָרן רייטנ־דיק נאָר אויף איין אַלט פערד, וואָס האָט געהייסן וואָראָנאָק.

איינמאָל, ווען די מאַמע האָט אונז ערלויבט צו פאָרן רייטנדיק, זיינען מיר אַלע פיר, צוזאַמען מיט אונזער אויפזעער, אַוועק אין שטאַל און דער פערד־יונג האָט אָנגעזאָטלט וואָראָ־נאָקן. דער ערשטער האָט זיך אַוועקגעזעצט דער עלטערער ברודער. ער איז לאַנג געפאָרן; פריער האָט ער זיך געלאָזט צום שייער, שפּעטער אַרומגעקרייזט דעם גאָרטן, און ווען ער איז צוגעפאָרן צוריק, האָבן מיר אַ געשריי געטאָן צו אים: „נו, איצט פלי אַדורך!”

האָט דער עלטערער ברודער גענומען שלאָגן וואָראָנאָקן מיט די פיס און מיטן בייטש, און וואָראָנאָק איז גיך דורכגע־לאָפן פאַרביי אונז.

נאָכן עלטערן האָט זיך געזעצט דער צווייטער ברודער. ער איז אויך לאַנג געפאָרן, ער האָט אויך מיטן בייטש צעיאָגט וואָראָנאָקן און אָנגעהויבן פון אונטערן באַרג, דורכגעפלויגן פאַר־ביי אונז. ער האָט נאָך געוואָלט פאָרן, אָבער דער דריטער ברודער האָט אים געבעטן, ער זאָל אים גיכער פריילאָזן דעם

פערד, דער דריטער ברודער האָט זיך געלאָזט רייטן צום שייער, שפּעטער אַרום דעם גאָרטן און דערצו נאָך איבערן דאָרף אויך, און איז דורכגעפלויגן פון אונטערן באַרג ביז צום שטאַל. ווען ער איז צוגעקומען צו אונז, איז וואָראָנאָק געווען פאַרסאָפּעט און זיין האַלז און פלייצע זיינען געווען שוואַרץ פון שווייס.

אין ווען עס איז געקומען צו מיר, האָב איך זיך געוואָלט אויספּיינען פאַר מיינע ברידער, באַווייזן זיי, אַז איך פאָר גוט— און איך האָב גענומען פון אַלע כוחות טרייבן וואָראָנאָקן, אָבער וואָראָנאָק האָט ניט געוואָלט אָפּטרעטן פונעם שטאַל און וויפיל איך האָב אים ניט געשלאָגן, האָט ער ניט געוואָלט לויפן, געהאַלטן אין איין ציטערן און אַלץ פאַרקערעווען אויף צוריק. איך בין געווען שטאַרק אויפגעבראַכט אויפן פערד, און איך האָב אים געשלאָגן מיטן בייטש און מיט די פיס, וויפיל איך האָב נאָר כוח געהאַט. איך האָב זיך באַמיט טרעפן אין אַזוינע ערטער, עס זאָל אים וואָס מער וויי טאָן. איך האָב צעבראָכן דעם בייטש און מיטן בייטשעקל פון בייטש געקלאַפּט אים איבערן קאָפּ. נאָר וואָראָנאָק האָט זיך אַלץ ניט גערירט פונעם אָרט. דאַמאָלסט האָב איך פאַרקערעווט אויף צוריק, צוגעפאָרן צו אונזער אויפזעער און געבעטן ביי אים אַ שטאַרקערן בייטש. אָבער דער אויפזעער האָט געזאָגט צו מיר:

— גענוג שוין אייך צו פאָרן, ליבער, קריכט אַראָפּ, ביז וואַנען איז דער שיער צו פּייניקן אַ פערד!

איך האָב זיך באַליידיקט און האָב געזאָגט:

— וואָס נאָך, איך בין דאָך אינגאַנצן ניט געפאָרן! אָט וועסטו זען, ווי איך וועל דאָס דורכפליען. גיב מיר, איך בעט דיך, נאָר אַ בייטש אַ שטאַרקערן. איך וועל אים שוין צוגעבן היץ.

דאַמאָלסט האָט דער אויפזעער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געזאָגט:

— אַך, ווי איר האָט דאָס גאָר קיין רחמנות ניט: צו וואָס ווערט איר אים צעהיצן? ער איז דאָך שוין 20 יאָר אַלט. דאָס פערד איז פאַרמאַטערט, קוים וואָס ער זשיפּעט, און דערצו איז ער שוין אַלט אויך. ער איז דאָך אַזוי אַלט, אַלץ

איינס ווי פימען טימאָפּעיטש. אַט פּרובט זעצט זיך אויף טימאָ־פּעיטשן און טרייבט אים אַט אַזוי מיט גוואַלד, שלאָגט אים אַזוי מיטן בייטש — איז וואָס, וועט איר גאָר קיין רחמנות ניט האָבן?

איך האָב זיך דערמאָנט אין פימען טימאָפּעיטשן און גע־פּאָלגט דעם אויפזעער. איך בין אַראָפּגעקראָכן פונעם פערד, אַ קוק געטאָן אויף אים, דערזען ווי ער מאַכט מיט די שווייסיקע זייטן, אָטעמט שווער מיט די נאָזלעכער און דרייט מיטן אָפּגע־בראָכענעם עק, און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דעם פערד איז זייער שווער געווען און איך האָב דאָך געהאַט געמיינט, אַז אים איז פּונקט אַזוי פריילעך ווי מיר. אַזאַ רחמנות־געפיל האָט מיך אַרומגעכאַפּט צו וואָראָנאָקן, אַז איך האָב גענומען קושן זיין שווייסיקן האַלז און בעטן ביי אים מחילה פאַר מיינע קלעפּ.

פון דאַמאָלסט אָן בין איך שוין געוואָרן אַ גרויסער, איך האָב שטאַרק רחמנות אויף פערד, און בשעת איך זע, ווי מען פייניקט זיי, דערמאָן איך זיך שטענדיק וועגן וואָראָנאָקן און וועגן פימען טימאָפּעיטשן.

## ווי איך האָב זיך אויסגעלערנט צו פאָרן רייטנדיק.

ווען איך בין געווען נאָך גאָר אַ קליינינקער, האָבן מיר זיך יעדן טאָג געלערנט און נאָר אין די זונטאָגן און אין די יום־טובדיקע טעג זיינען מיר געגאַנגען שפּאַצירן און געשפּילט זיך מיט די ברידער. איינמאָל זאָגט דער טאַטע: „די עלטערע קינדער דאַרפן זיך שוין לערנען צו פאָרן רייטנדיק. זאָלן זיי פאָרן אויפן רייט־אָרט". איך בין געווען קלענער פון אַלע ברי־דער, האָב איך געפרעגט: „און איך מעג זיך אויך לערנען?" דער טאַטע האָט געזאָגט: „דו וועסט פאַלן". איך האָב אים גענומען בעטן, מען זאָל מיך אויך לאָזן זיך לערנען, און שיער זיך ניט צעוויינט. האָט דער טאַטע געזאָגט: „נו, גוט, דו אויך. זע זשע: טאָמער פאַלסטו, זאָלסטו ניט וויינען. ווער עס פאַלט קיין איינמאָל ניט אַראָפּ פונעם פערד, דער וועט זיך קיינמאָל ניט אויסלערנען צו פאָרן אויפן פערד".

ווען עס איז געקומען מיטוואָך, האָט מען אונז אַלע דריי אַוועקגעפירט אויפן רייט־אָרט. מיר זיינען אַרויף אויף אַ גרויסן

גאַנעק, און פונעם גרויסן גאַנעק דורכגעגאַנגען אויף אַ קליינעם גאַניקל, אונטער דעם קליינעם גאַניקל איז געווען אַ גרויסער צימער מיט הילצערנע ווענט. איבערן צימער, וואָס קיין בריק האָט ער ניט געהאַט, זיינען אויפן זאַמד אַרומגעפאָרן רייטנדיק מענער, פרויען און אַזוינע יינגלעך ווי מיר. דאָ איז געווען דער רייט-אָרט. אויפן רייט-אָרט איז ניט געווען ליכטיק, עס האָט געשמעקט מיט פערד, עס האָט זיך געהערט אַ קנאַקעריי פון בייטשן, איינצלנע אויסגעשרייען און אַ קלאַפעריי פון די קאָפּי-טעס. איך האָב זיך לכתחילה דערשראָקן און כמעט גאָרנישט נישט געזען אַרום זיך. שפּעטער האָט אונזער אויפזעער צוגע-רופן דעם רייט-מענטש און געזאָגט צו אים: „גיט פאַר די יינגלעך פערד, זיי וועלן זיך לערנען פאָרן רייטנדיק". דער רייט-מענטש האָט געזאָגט: „גוט".

שפּעטער האָט ער אַ קוק געטאָן אויף מיר און זיך אָנגע-רופן: „דער איז צו קליין". אָבער אונזער אויפזעער האָט גע-זאָגט: „ער האָט אָבער צוגעזאָגט ניט צו וויינען, טאָמער פאַלט ער אַפילו אַראָפּ". דער רייט-מענטש האָט זיך צעלאַכט און איז זיך אַוועק.

שפּעטער האָט מען געבראַכט צו פירן דריי אָנגעזאָטלטע פערד. מיר האָבן אויסגעטאָן די מאַנטלען און געלאָזט זיך מיט די טרעפּ אַראָפּ צום רייט-אָרט. דער רייט-מענטש האָט גע-האַלטן דאָס פערד פאַר אַ גרויסער שטריק און די ברידער זיינען געפאָרן אַרום אים. פריער זיינען זיי געפאָרן טריט ביי טריט, שפּעטער אַלץ גיכער און גיכער. באַלד האָט מען גע-בראַכט צו פירן אַ קליין פערדל. דאָס פערדל איז געווען אַ רויטס און דעם עק האָט ער געהאַט אָן אָפּגעהאַקטן. מען האָט אים גערופן טשערוואָנטשיק. דער רייט-מענטש האָט זיך צע-לאַכט און געזאָגט צו מיר: „נו, בחור, זעצט זיך". איך האָב זיך איינצייטיק געפרייט און געשראָקן זיך און האָב זיך באַמיט, אַז קיינער זאָל מיין מורא ניט באַמערקן. איך האָב לאַנג גע-פרווט מיט די פיס אָנכאַפּן די פיס-אייזנדלעך, אָבער איך בין געווען צו קליין, און האָב בשום אופן נישט געטאָן גוט טרעפן. דאַמאָלסט האָט דער רייט-מענטש מיך גענומען אויף די הענט און מיך אַוועקגעזעצט. און דערביי האָט ער געזאָגט: „דער הער איז ניט שווער — אַ פונט צוויי נישט מער".

פֿריִער האָט ער מיך געהאַלטן פֿאַרן האַנט, אָבער איך האָב געזען, אַז די ברידער האָט מען ניט געהאַלטן, האָב איך געבעטן, ער זאָל מיך לאָזן פֿרײַ. ער האָט־געפֿרעגט: „איר האָט גאָר קיין מורא ניט?“ איך האָב זייער מורא געהאַט, אָבער איך האָב געענטפֿערט, אַז איך האָב ניט קיין מורא. און מער פֿון אַלץ האָט מיך געשראָקן, וואָס טשערוואָנטשיק האָט געהאַלטן אין איין אונטערבייגן די אויערן. איך האָב געמיינט, אַז ער בייזערט זיך אויף מיר. דער רייט־מענטש האָט געזאָגט: „נו, זעט זשע, פֿאַלט ניט!“ און האָט מיך אָפּגעלאָזט. לכתחילה איז טשערוואָנטשיק געגאַנגען פּאַמעלעך און איך האָב זיך געהאַלטן גלייך. דער זאָטל איז אָבער געווען אַ גליטשיקער און איך האָב מורא געהאַט אַראָפּצורוקן זיך פֿון אים. דער רייט־מענטש האָט מיך געפֿרעגט: „נו וואָס, זיצט איר שוין פֿעסט?“ איך האָב געענטפֿערט: „פֿעסט!“ „נו, איצט גיכער!“ און דער רייט־מענטש האָט צוגעקנאַקט מיטן צונג.

טשערוואָנטשיק האָט זיך געלאָזט לויפֿן מיט אַ דראָבנעם טריט, און מיך האָט גענומען אונטערוואַרפֿן — אָבער איך האָב נאָך אַלץ געשוויגן און אַלץ באַמיט זיך ניט אַראָפּצוגליטשן זיך אויף אַ זייט. דער רייט־מענטש האָט מיך געלויבט: „אַ בריה אַ בחור, גוט!“ און איך בין פֿון דעם זייער צופֿרידן געווען.

דערווייל איז צום רייט־מענטש צוגעגאַנגען זיינער אַ חבר און אָנגעהויבן צו ריידן מיט אים, און דער רייט־מענטש האָט אויפֿגעהערט אויף מיר צו קוקן.

פּלוצים האָב איך דערפֿילט, אַז איך האָב זיך אַ ביסל אַראָפּגערוקט פֿונעם זאָטל. איך האָב זיך געוואָלט פֿאַרריכטן, אָבער בשום אופֿן ניט געקאָנט. איך האָב שוין געוואָלט אַ געשריי טאָן צום רייט־מענטש, ער זאָל מיך אָפּשטעלן, האָב איך זיך אָבער געשעמט און איך האָב געשוויגן. דער רייט־מענטש האָט ניט געקוקט אויף מיר. טשערוואָנטשיק האָט ניט געמינערט זיין לויף, און איך האָב זיך נאָך מער אַראָפּגעשאַרט אויף אַ זייט. איך האָב געקוקט אויפֿן רייט־מענטש, געמיינט טאָמער וועט ער מיר העלפֿן; אָבער ער איז געווען פֿאַרטיפֿט אין עם שמועס מיט זיין חבר, נישט געקוקט אין מיין זייט און נאָר פֿון צייט צו צייט אויסגערופֿן: „אַ בראַווער בחור“. איך בין שוין געווען אינגאַנצן אויף אַ זייט, שטאַרק

זיך דערשראָקן און געמיינט, אַז איך בין שוין פאַרפאַלן. אָבער שרייען האָב איך זיך נאָך אַלץ געשעמט. טשערוואָנטשיק האָט מיך נאָך אַמאָל אַ טרייסל געטאָן, איך האָב זיך אינגאַנצן אַראָפּגערוקט און בין אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד. דאַמאָלסט איז טשערוואָנטשיק שטיין געבליבן, דער רייט=מענטש האָט זיך אַרומגעקוקט און דערזען, אַז איך בין ניטאָ אויף טשערוואָנטשיקן, האָט ער אויסגעשריען: „אָט האָסטו גאָר! אַראָפּגעפאַלן מיין בחור", און איז צוגעגאַנגען צו מיר. ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז איך האָב זיך ניט קיין קלאַפּ געטאָן, האָט ער זיך צעלאַכט און געזאָגט: „דער קינדערשער קערפּער איז אַ ווייכער". מיר אָבער האָט זיך געוואָלט וויינען. איך האָב געבעטן, מען זאָל מיך ווייטער אַוועקזעצן. האָט מען מיך אַוועקגעזעצט, און מער בין איך שוין ניט געפאַלן.

אַזוי זיינען מיר געפאָרן אויפן רייט=אָרט צוויי מאָל אַ וואָך, און איך האָב זיך גיך אויסגעלערנט גוט פאָרן און פאַר קיין זאַך שוין ניט מורא געהאַט.

## בולקע.

ביי מיר איז געווען אַ הינטל—מאָרדאַשקע. מען האָט אים גערופן בולקע. ער איז געווען אינגאַנצן אַ שוואַרצער און נאָר די עקן פון די פאָדערשטע פיסלעך זיינען געווען ווייסע. ביי אַלע מאָרדאַשקעס איז דער אונטערשטער קינבאַק לענגער פון דעם אייבערשטן און די אונטערשטע ציין זיינען אַרויסגערוקט. אָבער ביי בולקען איז דער אונטערשטער קינבאַק שוין אַזוי ווייט געווען אַרויסגערוקט, אַז מען האָט געקענט אַריינשטעקן אַ פינגער צווישן די אונטערשטע און אייבערשטע ציין. אַ פנים האָט בולקע געהאַט אַ ברייטס, אויגן גרויסע, שוואַרצע און גלאַנצנדיקע; זיינע ווייסע ציין און עקציין האָבן שטענדיק געשטאַרטשעט אַרויס. ער איז געווען ענלעך צו אַ נעגר. בולקע איז געווען אַ רואיקער און האָט זיך ניט געביסן, אָבער ער איז געווען זייער אַ שטאַרקער און האָט געקאָנט גוט איינקלאַמערן זיך אין אַ זאַך. פלעגט ער זיך נאָר צוכאַפּן צו עפּעס, האָט ער פאַרקריצט מיט די ציין און געבליבן הענגען ווי אַ שמאַטע, און מען האָט שוין אים, ווי אַן אמתע קליפּע בשום אופן נישט געקאָנט פון דער זאַך אָפּרייסן.

איינמאָל האָט מען אים אָנגערייצט אויף אַ בער, האָט ער זיך איינגעביסן אין דעם בערס אויער און געבליבן הענגען, ווי אַ בלוטצאַפּער. דער בער האָט אים געשלאָגן מיט די לאַפּעס, צוגעדריקט צו זיך, געשליידערט פון זייט צו זייט, אָבער נישט געקאָנט אים אָפּרייסן פון זיך. האָט דער בער זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן קאָפּ, כדי בולקען צעקוועטשן; אָבער בולקע האָט זיך אַזוי לאַנג אויף אים געהאַלטן, ביז מען האָט אים נית אָפּגע-גאָסן מיט קאַלט וואַסער.

איך האָב אים גענומען צו זיך נאָך אַלס קליין הינטל און אַליין אים אויסגעהאָדעוועט. בשעת איך בין געפאָרן אויף קאַווקאַז, האָב איך אים נית געוואָלט מיטנעמען, איך האָב זיך אַרויסגעגנבעט פון אים און אים געהייסן פאַרשליסן. אויף דער ערשטער סטאַציע האָב איך זיך שוין געקליבן איבערצוזעצן זיך אויף אַנדערע פערד, פּלוצלונג זע איך, ווי אויפן וועג קאַטשעט זיך עפּעס אַ שוואַרצס און גלאַנצנדיקס און באַלד האָב איך דערקענט בולקען מיט זיין מעשענעם האַלזקייט. אָן אַן אָטעם איז ער געפלויגן צו דער סטאַציע. ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו מיר, אַ לעק געטאָן מיין האַנט און זיך אויסגעצויגן אין שאָטן אונטערן וואָגן. זיין צונג איז געווען אַרויסגעשטעקט אויף אַ האַנט די לענג. ער האָט אים יעדער ווילע אַריינגע-שלעפּט צוריק, געשלונגען דאָס שפּייעכץ און באַלד ווייטער אים אַרויסגעשטעקט. ער איז געווען פאַרסאָפּעט, קוים געכאַפּט דעם אָטעם און די זייטן זיינע האָבן אַזש אויפגעשפּרונגען. ער האָט זיך די גאַנצע צייט געדרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער און געקלאַפּט דערביי מיטן עק אָן דער ערד.

ערשט שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אַז ער האָט נאָך מיין אַוועקפאָר אַרויסגעזעצט אַ שויב, אַרויסגעשפּרונגען דורכן פענסטער, געלאָזט זיך מיטן וועג נאָך מיינע שפּורן, און אַזוי געיאָגט אַ ווערסט 20 אין דער גרעסטער היץ.

## בולקע און דער ווילדער חזיר.

איינמאָל אויף קאַווקאַז, בשעת אַ יאַגד אויף ווילדע חזירים, איז בולקע געקומען צו לויפן צוזאַמען מיט מיר אין וואַלד אַריין. ווי נאָר די יאַגד-הינט האָבן זיך אַוועקגעיאָגט, האָט זיך בולקע געלאָזט נאָך זיי און איז פאַרשוואונדן געוואָרן.

די מעשה איז געווען אין חודש נאָוועמבער: דאַמאָלסט זײַנען די ווילדע חזירים זייער פעט.

אויף קאַווקאַז אין די וועלדער, וווּ עס וואַקסן די ווילדע חזירים, וואַקסן אַ סך געשמאַקע פּירות: ווילדע ווײַנטרויבן, בע־רעלעך, עפּל, באַרן, אַזשעניעס, חזירשע ניסלעך און דאָרן־נאָד־לען. ווען די אַלע פּירות ווערן צײַטיק און דער פראָסט רירט זיי קוים אָן, עסן זיך די ווילדע חזירים אָן מיט זיי און ווערן פעט.

אין יענער צײַט איז דער ווילדער חזיר אַזוי פעט, אַז ער קאָן לאַנג נישט לויפן, בשעת די הינט יאָגן אים נאָך. נאָכדעם, ווי מען טרײַבט אים שוין אָפּ אַ שעה צוויי, פאַרקריכט ער אין דער געדיכטעניש פון די ביימער און בלײַבט דאָרט שטיין. דאַמאָלסט קומען צו לויפן די יעגערס צו דעם אָרט, וווּ ער שטייט, און שיסן אין אים. נאָכן בילן נאָך פון די הינט ווייסט מען שוין, צי דער ווילדער חזיר שטייט, אָדער ער לויפט. אויב ער לויפט, בילן די הינט מיט אַ קוויטש, פּונקט ווי מען שלאָגט זיי; און ווען ער בלײַבט שטיין, בילן זיי פּונקט אַזוי ווי זיי בילן אויף אַ מענטשן, און הײלן נאָך בשעת מעשה אונטער.

אין דעם געיעג בין איך לאַנג אַרומגעלאָפן איבערן וואַלד, אָבער מיר האָט זיך ניט געמאַכט, איך זאָל איבערשניידן דעם ווילדן חזיר דעם וועג. צום סוף האָב איך דערהערט אַן אויסגע־צויגענעם בילן און הײלן פון די יאַגד־הינט, און איך האָב זיך געלאָזט צו יענעם אָרט פון וואַנען עס האָבן זיך געהערט די קולות. איך בין געווען שוין נאָענט פון דעם ווילדן חזיר, און איך האָב געהערט שוין אַ קנאַקערײַ צווישן די ביימער. דאָרט האָט זיך, אַפּנים, געפּאָרעט דער ווילדער חזיר מיט די הינט. אָבער נאָכן בילן נאָך איז געווען קלאָר, אַז זיי האָבן אים ניט אָנגעגריפן, אַז זיי האָבן נאָר געפּאַדעט אַרום אים. פּלוצים האָב איך דערהערט עפּעס אַ רעש פון הינטן, און איך האָב דערזען בולקען. ער האָט, אַפּנים, פאַרלאָרן די יאַגד־הינט אין וואַלד, זיך פאַרבלאָנדזשעט, איצט דערהערט זייער בילן און פּונקט אַזוי, ווי איך, אָן אַ טעם געאײַלט צו זיי. ער איז געלאָפן איבער אַ לאָנקע צווישן זייער אַ הויכער גראָז, פון דער גראָז האָט זיך אַרויסגעזען נאָר זײַן שוואַרצער קאָפּ און זײַן פאַרבי־סענער צונג צווישן די ווײַסע ציין. איך האָב אים אַרוף געטאָן,

אָבער ער האָט זיך אַפילו ניט אומגעקוקט, האָט מיך אַריבער־געיאָגט און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן צווישן די ביימער. איך האָב זיך געלאָזט נאָך אים. וואָס ווייטער איך בין געגאַנגען, איז דער וואַלד געוואָרן אַלץ געדיכטער און געדיכטער. די צווייגן האָבן אַראָפּגעריסן פון מיר מיין היטל, געשלאָגן מיך איבערן פּנים און די דאָרן־נאָדלען האָבן פאַרטשעפּעט זיך אין מיין בגד. איך בין שוין, דאַכט זיך, געווען זייער נאָענט צו די הינט, אָבער איך האָב נאָך אַלץ גאָרנישט נישט געזען.

פּלוצים האָב איך דערהערט, ווי די הינט האָבן זיך הע־כער צעבילט, עפּעס האָט שטאַרק אָנגעהויבן צו קנאַקן און דער ווילדער חזיר האָט גענומען הויך עטעמען און כראָפּען. דערביי האָב איך באַלד פאַרשטאַנען, אַז איצט האָט אים בולקע גע־פּאַקט און ראַנגלט זיך מיט אים. פון די לעצטע כּוחות האָב איך זיך געלאָזט לויפן איבערן וואַלד אין יענער ריכטונג. אין דער גרעסטער געדיכטעניש האָב איך דערזען אַ בונטן יאַגד־הונט. ער האָט געבילט און געהיילט אויף איין אָרט, און ווייטער מיט אַ דריי טריט פון אים האָט עפּעס געשוואַרצט און געפּאָרעט זיך.

ווען איך האָב זיך צוגערוקט נעענטער, האָב איך דערזען דעם ווילדן חזיר און דערהערט בולקעס אַ קוויטש. דער ווילדער חזיר האָט אַ ברוקע געטאָן און זיך אַ לאָז געטאָן צום יאַגד־הונט; אָבער דער יאַגד־הונט האָט אונטערגעבויגן זיין עק און איז אָפּגעשפּרונגען. איך האָב שוין אַרויסגעזען דעם קאָפּ און איין זייט פונעם ווילדן חזיר. האָב איך אָנגעשטעלט מיין ביקס אויף אים, אויסגעשאָסן און געטראָפן אין אים. ער האָט אַ ברו־קע געטאָן און איז אַוועק מיט אַ קנאַקעריי איבערן וואַלד. די הינט האָבן געקוויטשעט, געבילט; און איך האָב זיך גענומען דורכברעכן אַ וועג נאָך זיי. פּלוצים האָב איך כּמעט ביי זיך אונטער די פיס דערזען בולקען. ער איז געלעגן אויף אַ זייט און געקוויטשעט. אונטער אים איז געווען אַ טייך מיט בלוט. איך האָב אַ טראַכט געטאָן: פאַרפאַלן דער הונט; אָבער מיין קאָפּ איז מיר ניט געלעגן דערביי, און איך האָב זיך געריסן ווייטער. באַלד האָב איך דערזען דעם ווילדן חזיר. די הינט האָבן זיך געוואָרפן אויף אים פון הינטן, און ער האָט זיך גע־דרייט אין אַלע זייטן. ווי נאָר ער האָט מיך דערזען, האָט ער

זיך באַלד אַ רוק געטאָן צו מיר... איך האָב אויסגעשאָסן צום צווייטן מאָל, איצט שוין אַזוי נאָענט, אַז אויפן ווילדן חזיר האָט זיך זיין פעל אָנגעצונדן. ער האָט זיך צעכראַפּעט, זיך אַ וואַקל געטאָן און מיט דער גאַנצער משא פון זיין לייב שווער אַ פאַל געטאָן אויף דער ערד.

ווען איך בין צוגעגאַנגען, איז דער ווילדער חזיר געווען שוין טויט, און נאָר דאָ און דאָרט האָט אין אים עפּעס אויפגעציטערט און געצאַפּלט. די הינט זיינען געווען שטאַרק צערייצט. איינע האָבן אים געריסן פאַרן בויך און פאַר די פיס, די אַנדערע האָבן געלעקט דאָס בלוט פון זיינע ווונדן.

דאָ האָב איך זיך דערמאָנט וועגן בולקען, אַוועק אים זוכן און האָב אים גיך געפונען. ער איז געקראָכן אַנטקעגן מיר און האָט געקרעכצט. איך בין צוגעגאַנגען צו אים, זיך אַנידערגעזעצט און האָב באַטראַכט זיין ווונד. דער בויך איז ביי אים געווען צעטרענט און אַ גאַנצער הויפן געדערים האָט זיך נאָכגעשלעפּט איבער די טרוקענע בלעטער. באַלד זיינען צוגעקומען מיינע חברים. מיר האָבן צוריק אַריינגעשטופּט די געדערים אין בויך אַריין און האָבן דעם בויך פאַרנייט. די גאַנצע צייט וואָס מיר האָבן גענייט און דורכגעשטאָכן די הויט, האָט ער געהאַלטן אין איין לעקן מיינע הענט.

דעם ווילדן חזיר האָט מען צוגעבונדן צום פערדס עק, כדי אַרויסצופירן אים פון וואַלד, און בולקען האָט מען אַוועקגעלייגט אויפן פערד און געבראַכט אים אַהיים. אַ וואָכן זעקס האָט בולקע אָפּגעקרענקט, און שפּעטער איז ער צוריק געזונט געוואָרן.

## פאַזאַנען.

אויף קאַווקאַז הייסן די ווילדע הינער פאַזאַנען. די פאַזאַנען זיינען דאָרט פאַראַן אין אַזאַ גרויסער צאָל, אַז זיי קאָסטן דאָרט וועלוועלער פון דער שטוב-הון. די יעגער כאַפּן די פאַזאַנען אַמאָל מיט דער הילף פון אַ „קאָבילקע", אַמאָל לויערנדיק און טאַמאָל מיט דער הילף פון אַ שפּיר-הונט. די יאַגד מיט דער „קאָבילקע" קומט פאָר אויף אַזאַ אופן: מען ציט אָן אַ שטיק לייוונט אויף אַ ראַם, אין מיטן פון ראַם מאַכט מען אַ ברעטל, און אין לייוונט מאַכט מען אַ לעכל. אַט אַ די ראַם

מיטן לייוונט הייסט „קאַבילקע“. מיט דער „קאַבילקע“ און מיטן ביקס גייען די יעגער אַרויס באַגינען אין וואַלד. מיט דער „קאַבילקע“ פאַרשטעלן זיי זיך, און דורך דאָס לעכעלע קוקן זיי אויס די פאַזאַנען. די פאַזאַנען האָדעווען זיך באַגינען־צייט אויף די לאָנקעס. אַמאָל אַ גאַנצע משפחה — אַ קוואָקע מיט הינדעלעך, אַמאָל אַ האָן מיט אַ הון, אַמאָל עטלעכע הענער צוזאַמען.

די פאַזאַנען זעען ניט דעם מענטשן, און פאַרן לייוונט האָבן זיי ניט מורא, לאָזן זיי אים צו נאָענט צו זיך. דאַמאָלסט שטעלט דער יעגער אַנידער די „קאַבילקע“, רוקט אַרויס דורכן לעכל די ביקס און שיסט לויטן אויסוואַל.

בשעת אַ יעגער כאַפּט די פאַזאַנען אויף אַ צווייטן אופן, ל ו י ע ר נ ד י ק, טוט ער אַזוי:

ער קומט מיט אַ הויף־הינטל אין וואַלד אַריין און גייט אים נאָך. ווען דער הונט געפינט אַ פאַזאַן, גיט ער זיך אַ וואָרף צו אים. דער פאַזאַן פליט אַרויף אויף אַ בוים, און דאָס הינטל הייבט אָן אויף אים צו בילן. אויפן געביל קומט אָן דער יעגער און שיסט דעם פאַזאַן, וואָס זיצט אויפן בוים. די יאַגד וואָלט געווען אַ גרינגע, ווען דער פאַזאַן וואָלט זיך געזעצט אויף אַ בוים, וואָס וואַקסט אין אַ פרייען אָרט, און וואָלט אויפן בוים געזעסן אַזוי, מען זאָל אים קאָנען זען. אָבער די פאַזאַנען זעצן זיך תמיד אויף געדיכטע ביימער אין אַ שטאַרק פאַרוואַקסענעם אָרט, און ווי נאָר זיי דערזעען דעם יעגער, באַהאַלטן זיי זיך גלייך צווישן די צווייגן. עס איז שווער צוצוקומען צו דעם בוים, ווו דער פאַזאַן זיצט, און עס איז שווער אים צו דערזען. בשעת דער הונט בילט אויפן פאַזאַן, שרעקט זיך ניט דער פאַזאַן: ער זיצט זיך אויפן צווייגל, בלאָזט זיך און פאַטשט מיט די פליגל. אָבער ווי נאָר ער דערזעט דעם יעגער, ציט ער זיך באַלד אויס אין דער לענג פונעם צווייגל, און נאָר אַ געניטער יעגער קאָן אים באַמערקן. נישט קיין געניטער יעגער מעג שטיין גאָר נאָענט, און ער וועט גאָרנישט ניט זען.

ווען די קאָזאַקן גנבענען זיך אונטער צו די פאַזאַנען, רוקן זיי אָן אויפן פנים די היטל און קוקן ניט אַרויף, מחמת אַ פאַזאַן האָט מורא פאַר אַ מענטש מיט אַ ביקס, אָבער נאָך מער האָט ער מורא פאַר זיינע אויגן.

די יאַגד מיט דער הילף פון אַ שפּיר=הונט קומט פאָר אַזוי: דער יעגער קומט מיט אַ שפּיר=הונט אין וואַלד אַריין און גייט אים נאָך. דער הונט דערשמעקט דעם אָרט, ווו די פאַזאַנען האָבן זיך געהאָדעוועט באַגינען, און הייבט אָן פונאַנדערצוקלייבן זייערע שפּורן. און וויפיל די פאַזאַנען זאָלן ניט אָנפּלאָנטערן, געפינט שטענדיק אַ גוטער הונט דעם לעצטן שפּור, דעם אַרויסגאַנג פון יענעם אָרט, ווו זיי זיינען געווען באַגינען=צייט. און וואָס ווייטער דער הונט גייט, אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער שמעקן פאַר אים די שפּורן, ביז ער קומט סוף=כל=סוף אָן צו יענעם אָרט, ווו די פאַזאַנען זיצן אויפן גראָז אָדער שפּאַצירן זיך אַרום אין די בייטאָגעדיקע שעהן. קומט ער נאָר אַ ביסל נעענטער, דאַכט זיך אים אויס, אַז ער איז שוין אויפן אָרט, און ער שפּאַנט אַלץ פאָרזיכטיקער און פאָרזיכטיקער, כדי ניט איבערצושרעקן דעם פאַזאַן. ווען דער הונט איז שוין גאָר נאָענט, פליט דאַמאָלסט דער פאַזאַן אַרויס, און דער יעגער שיסט אין אים.

## מילטאָן און בולקע.

צוליב דער יאַגד אויף פאַזאַנען, האָב איך גענומען צו זיך אַ שפּיר=הונט. דעם הונט האָט מען גערופן מילטאָן. ער איז געווען אַ הויכער, אַ דאַרער, אַ גרויער מיט שפּרענקעלעך, און האָט געהאַט לאַנגע אויערן. ער איז געווען זייער אַ שטאַרקער און אַ קלוגער. מיט בולקען האָט ער געלעבט בשלום און בכלל האָבן די הינט בולקען קיינמאָל ניט געטשעפּעט. בולקע האָט נאָר געדאַרפט ווייזן זיינע ציינער, און די הינט האָבן שוין אונטערגעבויגן די וויידלען און האָבן זיך גענומען דעם וועג. איינמאָל האָב איך זיך געלאָזט מיט מילטאָנען אויף אַ פאַזאַנען=יאַגד. פלוצלונג איז בולקע געקומען צו לויפן נאָך מיר אין וואַלד אַריין. איך האָב אים געוואָלט דורכטרייבן, אָבער בשום אופן ניט געקאָנט. און גיין אַהיים, כדי אים אָפּצופירן איז געווען ווייט. איך האָב געמיינט, אַז ער וועט מיר ניט שטערן, און געלאָזט זיך גיין ווייטער; אָבער ווי נאָר מילטאָן האָט דערשמעקט אין גראָז אַ פאַזאַן און אָנגעהויבן צו זוכן, האָט זיך בולקע אַ וואָרף געטאָן פאָראויס און גענומען שטעקן די נאָז אין אַלע

זייטן. ער האָט געוואָלט געפֿינען דעם פֿאַזאַן פֿריער פֿאַר מילטאָנען. עפּעס אַזוינס האָט ער יאָ געהערט און ער איז געשפּרונגען אין גראָז און געדרייט זיך אין אַלע זייטן; דער שמעק־חוש איז בײַ אים געווען אַ שלעכטער, און ער האָט דעם שפּור ניט געקאָנט געפֿינען אַליין, האָט ער געקוקט אויף מילטאָנען און געלאָפֿן אַהין, וואוהין מילטאָן איז געגאַנגען. ווי נאָר מילטאָן לאָזט זיך נאָך אַ שפּור, פֿאַרלויפֿט שוין אים בולקע דעם וועג. איך האָב געפּרובט אָפּרופֿן בולקען, געשלאָגן אים, אָבער עס האָט מיר גאָרנישט ניט געהאָלפֿן. יעדער מאָל, וואָס מילטאָן האָט אויפֿסניי גענומען זוכן, איז ער אים פֿאַרלאָפֿן דעם וועג און אים געשטערט. איך האָב שוין געוואָלט גיין אַהיים, געמיינט, אַז סײַ ווי וועט פֿון דער יאַגד גאָר נישט אַרויסקומען, אָבער מילטאָן האָט געפֿונען אַן עצה ווי צו ראַטעווען די לאַגע. און אָט וואָס ער האָט געטאָן: ווי נאָר בולקע פֿאַרלויפֿט אים דעם וועג, וואַרפֿט מילטאָן אַוועק דעם שפּור, פֿאַרקערעוועט אין אַ זייט און מאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער זוכט. גיט זיך בולקע אַ לאָז אין דער ריכטונג, וואָס מילטאָן האָט אים אָנגעוויזן, און מילטאָן דרייט זיך אויס צו מיר, גיט אַ מאַך מיטן עק און לאָזט זיך ווײַטער אויפֿן אמתן שפּור. קומט בולקע ווײַטער צו לויפֿן צו מילטאָנען, פֿאַרלויפֿט אים דעם וועג, מאַכט מילטאָן ווײַטער אַ צען אומזיסטע שפּאַן אין דער זייט, נאַרט אָפּ בולקען און פֿירט מיך ווײַטער אויפֿן ריכטיקן וועג. און אויף אַזאַ אופֿן האָט מילטאָן די גאַנצע צײַט פֿון דער יאַגד גענאַרט בולקען און נישט געלאָזט אים קאַליע מאַכן די זאַך.

## די שילדקרעט.

איינמאָל בין איך אַוועק מיט מילטאָנען אויף אַ יאַגד. לעבן וואַלד האָט ער אָנגעהויבן צו זוכן, אויסציען דעם עק, אויפֿגעשטעלט די אויערן און גענומען שמעקן. איך האָב צוגעגרייט דעם ביקס און געלאָזט זיך נאָך אים. איך האָב געמיינט, אַז ער זוכט אַ פֿעלד־הון, אַ פֿאַזאַן אָדער אַ האָז. אָבער מילטאָן האָט זיך געלאָזט ניט צום וואַלד, נאָר צום פֿעלד צו. איך בין אים נאָכגעגאַנגען און געקוקט פֿאָראויס. פּלוצים האָב איך דערזען, וואָס ער האָט געזוכט. פֿאָראויס איז געלאָפֿן אַ

קלײן שילדקרעט, די גרײס פון אַ היטל. זײן נאַקעטער, טונקלגרויער קאָפּ אויפן לאַנגן האַלז איז געװען אויסגעצויגן, װי אַ פּעסטל; ער האָט ברײט געשאַרט מיט די נאַקעטע לאַפּעס, און די גאַנצע פּלײצע זײנע איז געװען באַדעקט מיט אַ קאָרע.

װען ער האָט דערזען דעם הונט, האָט ער באַהאַלטן זײנע פּיס און זײן קאָפּ און האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן גראָז, אַזױ, אַז עס האָט זיך אָנגעזען נאָר זײן שאָל. מילטאָן האָט אים געכאַפּט און אָנגעהויבן צו בײסן; אָבער ער האָט אים ניט געקאָנט אײנבײסן, װײל אַ שילדקרעט האָט אויפן בויך פּונקט אַזאַ שאָל װי אויף דער פּלײצע. פון פאָרנט, פון הינטן און בײ די זײטן זײנען פאַראַן שפּעלטלעך, דורך װעלכע ער ציט אַרײן אינװײניק דעם קאָפּ, די פּיס און דעם עק.

איך האָב צוגענומען בײ מילטאָנען דעם שילדקרעט און האָב באַטראַכט זײן צעמאָלטע פּלײצע און זײן שאָל. װען מען האַלט אים אין די הענט און מען קוקט אַרײן אין דער שאָל, זעט זיך פון אינװײניק, װי פון אַ קעלער אַרויס, עפּעס אַ שװאַרצס און לעבעדיקס. שפּעטער אַ ביסל האָב איך דעם שילדקרעט אַ װאָרף געטאָן אויפן גראָז און בין אַװעק װײטער, אָבער מילטאָן האָט נישט געװאָלט אים איבערלאָזן און ער האָט אים נאָכגעטראָגן אין די צײן. פּלוצים האָט מילטאָן אַ קװיטש געטאָן און אַרויסגעלאָזט אים. דער שילדקרעט האָט בײ מילטאָנען אין מויל אַרויסגעשטעקט די לאַפּע און האָט צעדראַפּעט אים דעם גאַנצן מויל. מילטאָן איז אויף אים שטאַרק אין כעס געװאָרן, ער האָט זיך צעבילט, נאָך אַמאָל אַ כאַפּ געטאָן דעם שילדקרעט און װײטער געטראָגן אים. איך האָב געהײסן מילטאָנען ער זאָל אַװעקװאַרפן דעם שילדקרעט, אָבער מילטאָן האָט מיך ניט געפאָלגט. דאַמאָלסט האָב איך בײ אים צוגענומען דעם שילדקרעט און אַלײן אים אַ װאָרף געטאָן, אָבער מילטאָן האָט אים אויך איצט נישט געלאָזט צורו. אײלנדיק האָט ער גענומען מיט זײנע לאַפּעס גראָבן אַ גרוב, און װען ער האָט זי אויסגעגראָבן האָט ער אַהין אַרײנגעװאַלגערט דעם שילדקרעט און באַלד צוריק פאַרשאָטן די גרוב מיט ערד.

די שילדקרעטן, אַזױ װי די נאָטערן און פרעש, לעבן אויף דער יבשה און אין װאַסער. די קינדער זײערע פּיקן זיך אויס פון אײער, די אײער לײגן זײ אויף דער ערד, אָבער זײ װאַ=

רעמען זיי ניט אויס. די אייער פלאַצן אַליין, ווי פּיש=רייג —
און עס פּיקן זיך אויס פון זיי שילדקרעטן. עס זיינען פאַראַן
קליינע שילדקרעטן, נישט גרעסער פון אַ שאָלכנדל, און גרויסע,
דריי אַרשין די לענג, וואָס וועגן 20 פּוד. די גרויסע שילד=
קרעטן וווינען אין די ימים.

איין שילדקרעט לייגט פּרילינגס=צייט הונדערטער אייער.

די שאָל פון די שילדקרעטן דינט זיי פאַר ריפּן. ביי מענטשן
און ביי אַנדערע חיות גייט יעדער ריפּ באַזונדער, און ביי די
שילדקרעטן זיינען די ריפּן צונויפגעוואַקסן אין אַ שאָל. און דער
עיקר איז דאָס, וואָס ביי אַלע חיות געפינען זיך די ריפּן אינע=
ווייניק אונטערן פלייש, און ביי אַ שילדקרעט זיינען די ריפּן פון
אויבן, און דאָס פלייש געפינט זיך אונטער זיי.

## בולקע און דער וואָלף.

ווען איך האָב געדאַרפט אַוועקפאָרן פון קאַווקאַז, האָט
נאָך דאַמאָלסט די מלחמה דאָרט געדויערט, און פאָרן ביינאַכט
אָן אַ וואַך איז געווען געפערלעך.

איך האָב געוואָלט אַרויספאָרן גאַנץ פרי און צוליב דעם
צוועק האָב איך זיך שוין איינגאַנצן ניט געלייגט שלאָפן.

מיינער אַ חבר איז געקומען מיך אַרויסבאַגלייטן, און די
גאַנצע נאַכט זיינען מיר געזעסן אין דרויסן לעבן מיין שטיבל.

עס איז געווען אַ נעבלדיקע לבנה=נאַכט, און הגם מען
האָט ניט אַרויסגעזען די לבנה, איז דאָך געווען אַזוי ליכטיק,
אַז מען האָט געקאָנט אַפילו לייענען.

אין מיטן נאַכט האָבן מיר פּלוצים דערהערט, ווי אויף
יענער זייט גאַס קוויטשעט אַ חזירל אין אַ הויף.

עמיץ פון אונז האָט אַ געשריי געטאָן: „אַ וואָלף ווערגט
אַ חזירל!"

איך בין אַריינגעלאָפן צו זיך אין שטיבל, געכאַפּט די אָנ=
געלאָדענע ביקס און אַרויסגעלאָפן צוריק אויף דער גאַס. אַלע
זיינען געשטאַנען ביים טויער פון יענעם הויף, ווו עס האָט גע=
קוויטשעט דאָס חזירל און אַלע האָבן געשריען צו מיר: „אַהער,
אַהער!" מילטאָן האָט זיך געלאָזט נאָך מיר,—געמיינט, אַפּנים,
אַז דאָס גיי איך מיטן ביקס אויף אַ יאַגד; בולקע האָט אויפ=

געשטעלט זיינע קורצע אויערן, געוואָרפן זיך פון איין זייט אויף דער צווייטער און פונקט ווי געפרעגט ביי מיר, אין וועמען הייס איך אים צוזאַמענוויינצוביסן זיך... איך בין צוגעלאָפן צום פּליט און האָב דערזען העם וואָלף, וואָס איז געלאָפן פון יענער זייט הויף גלייך אויף מיר. ער איז צוגעלאָפן צום פּליט און איז אַרויפגעשפּרונ-גען אויף אים. איך האָב זיך אַ וואָרף געטאָן אין אַ זייט און באַלד אָנגעשטעלט די ביקס.

נאָר די ביקס האָט געמאַכט „טשיק" און האָט נישט אויס-געשאָסן. דער וואָלף האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט און געלאָזט זיך לויפן מיט דער גאַס. מילטאָן און בולקע זיינען אים נאָכגעלאָפן. מילטאָן איז שוין געווען נאָענט פונעם וואָלף, נאָר, אַפּנים, מורא געהאַט צו כאַפּן אים, און בולקע, ווי שטאַרק ער האָט ניט געאַרבעט מיט זיינע קורצע פיסלעך, האָט ער דעם וואָלף דאָך ניט געקאָנט דעריאָגן. מיר זיינען זיי נאָכגעלאָפן, וויפיל מיר האָבן נאָר כוח געהאַט, אָבער סיי דער וואָלף, סיי די הינט זיינען גיך פאַרשווונדן פון אונזערע אויגן. און ערשט ביים עק דאָרף לעבן גראָבן, האָבן מיר דערהערט אַ געביל, אַ קוויטש, און דורך דעם לבנהדיקן נעבל האָבן מיר דערזען אַ שטויב, דער-זען די הינט, וואָס האָבן זיך געראַנגלט מיטן וואָלף. אָבער ווען מיר זיינען צוגעלאָפן צום גראָבן, איז שוין דער וואָלף ניט געווען, און ביידע הינט זיינען געלאָפן צוריק מיט אויפגעהויבענע ווידלען און צאָרנדיקע פּנימער. בולקע האָט געהעשעט און גע-שטופּט מיך מיטן קאָפּ, ער האָט, אַפּנים, געוואָלט עפּעס דערציילן, און נישט געקאָנט.

מיר האָבן באַטראַכט די הינט און ביי בולקען אויפן קאָפּ געפונען אַ קליינע ווונד. ער האָט דעם וואָלף, אַפּנים, דעריאָגט לעבן דעם גראָבן, אָבער נישט באַוויזן צו פאַרהאַלטן אים: דער וואָלף האָט אים אַ ביס געטאָן און איז אַנטלאָפן. קיין גרויסער אומגליק, האָבן מיר דאַמאָלסט געטראַכט, איז דאָס נישט: די ווונד איז אַ קליינע, זי וועט זיך גיך פאַרהיילן.

זיינען מיר געקומען צוריק צו מיין שטיבל, פאַרקגעזעצט זיך און גענומען ריידן וועגן דער געשעעניש. איך האָב זיך גע-ערגערט, וואָס מיין ביקס האָט ניט אויסגעשאָסן, און האָב גע-טראַכט, אַז ווען די ביקס שיסט יאָ אויס, וואָלט דער וואָלף געוויס געבליבן אויפן אָרט. דער חבר מיינער האָט זיך געחידושט,

ווי אַזוי דער וואָלף האָט געקאָנט אַריינקריכן אין אַ הויף. אַן אַלטער קאָזאַק האָט געטענהט, אַז עס איז גאָר קיין חידוש ניט, ווייל ניט קיין וואָלף איז דאָ געווען, נאָר אַ מכשפה, וואָס האָט פאַרכישופט מיין ביקס. אַזוי זיינען מיר געזעסן און האָבן געשמועסט צווישן זיך. פלוצים האָבן זיך די הינט אַ ריס געטאָן פונעם אָרט און מיר האָבן ווייטער דערזען דעם זעלבן וואָלף לעבן אונז. אויך דעם מאָל האָט ער פון אונזער געשריי אַזוי גיך זיך געלאָזט לויפן, אַז די הינט האָבן אים שוין ניט דעריאָגט.

דער אַלטער קאָזאַק איז שוין איצט געווען פעסט ביי זיך, אַז מיר האָבן געהאַט צו טאָן מיט אַ מכשפה.

און איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז מן־הסתם איז דער וואָלף אַ משוגענער, ווייל איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען און ניט געהערט, אַז אַ וואָלף זאָל זיך צוריק אומקערן צו מענטשן, נאָך דעם, ווי מען האָט אים דורכגעטריבן.

און איך האָב בולקען, אויף יעדן פאַל, אָנגעשאָטן פולווער אויף דער ווונד און אונטערגעצונדן זי. דער פולווער האָט אַ פלאַקער געטאָן און אויסגעברענט דעם קראַנקן אָרט.

איך האָב אויסגעברענט די ווונד מיט פולווער, כדי אויסצוברענען דעם משוגעת־שפייעכץ. און דערביי האָב איך געטראַכט, אַז אויב דער שפייעכץ האָט נישט נאָך באַוויזן אַריין אין בלוט, איז בולקע אַ געראַטעוועטער, טאָמער אָבער פאַרקערט, איז זייער שלעכט, ווייל דער שפייעכץ וועט זיך מיטן בלוט צעגיין איבערן גאַנצן לייב, און דאַמאָלסט איז בולקע פאַרפאַלן.

## וואָס האָט זיך געטראָפן מיט בולקען אין פיאַטיגאָרסק.

פון דעם קאָזאַקישן דאָרף בין איך ניט געפאָרן גלייך קיין רוסלאַנד. איך האָב זיך אָפגעשטעלט אין פיאַטיגאָרסק און דאָרט אָפגעוווינט אַ חדשים צוויי. מילטאָמעט האָב איך אַוועקגעשענקט איינעם אַ קאָזאַק, אַ יעגער, און בולקען מיטגענומען מיט זיך אין פיאַטיגאָרסק.

פּיאַטיגאָרסק*) הייסט אַזוי דערפֿאַר, וואָס ער שטייט אויפֿן באַרג בעש-טאַו. בעש הייסט אויף טאָטעריש פינף. טאַו— באַרג. פון אונטער דעם באַרג פליסט אַ הייסע שוועבל-וואַסער. די וואַסער איז הייס, ממש זאָדיק, און איבערן אָרט, ווו די וואַסער רינט פון באַרג, שטייט שטענדיק אַ פּאַרע, ווי אויף אַ סאַמאָוואַר. די גאַנצע סביבה פון דער שטאָט זעט זייער פריילעך אויס. פון די בערג פליסן הייסע קוואַלן, אונטערן באַרג לויפט דאָס טייכל פּאָדקומאָק. אויפן באַרג וואַקסן וועלדער, אַרום און אַרום—פעלדער, און פון דערווייטנס זעען זיך שטענדיק אַרויס די קאַווקאַזער בערג. דער שניי אויף די בערג צעגייט קיינמאָל ניט, און זיי זיינען שטענדיק ווייס, ווי צוקער. איין גרויסער באַרג, עלבּרוס, זעט זיך אין אַ שיינעם וועטער אַרויס פון אַלע זייטן, ווי אַ ווייסער היפּטל צוקער. אויף די הייסע קוואַלן קומט מען צו פאָרן היילן זיך. לעבן די קוואַלן זיינען געמאַכט געוואָרן שטעלכלעך און ביידלעך, און אַרום און אַרום זיינען צעוואָרפן גערטנער און דורכגעלייגט שטעגלעך. אין דער פרי שפּילט מוזיק, און דער עולם טרינקט וואַסער אָדער באָדט זיך און שפּאַצירט.

די שטאָט אַליין שטייט אויף אַ באַרג, און אונטערן באַרג ליגט די פאָרשטאָט. איך האָב געוווינט אין דער פאָרשטאָט אין אַ קליין הייזעלע. דאָס הייזל איז געשטאַנען אין אַ הויף, אונטערן פענסטער איז געווען אַ גערטנדל, און אין גערטנדל זיינען געשטאַנען דער בעל-הביתטעס בינשטאָקן — נישט קיין קלעצער, ווי אין רוסלאַנד, נאָר קיילעכדיקע געפלאָכטענע קערב. די בינען זיינען דאָרט אַזוי רואיק, אַז איך האָב געקאָנט מיט בולקען רואיק זיצן אין דער פרי צווישן די בינשטאָקן.

בולקע פלעגט זיך אַרומשפּאַצירן צווישן די בינשטאָקן, געחידושט זיך אויף די בינען, געשמעקט, צוגעהערט זיך, ווי זיי הודען, אָבער אַזוי פאָרזיכטיק אַרומגעגאַנגען לעבן זיי, אַז ער האָט זיי ניט געשטערט, און זיי האָבן אים ניט געטשעפּעט.

איינמאָל אין דער פרי בין איך געקומען צוריק פון די וואַסערן און זיך געזעצט אין גערטנדל טרינקען קאַווע. בולקע האָט זיך עפּעס געקראַצט אונטער די אויערן און געקלאַפּט דערביי מיטן האַלז-קייט. דער רעש האָט געשראָקן די בינען

*) פּיאַטיגאָרסק — פינף בערגיקער.

און איך האָב אַראָפּגענומען פון בולקען דעם האַלז-קייט. שפּעטער אַ ביסל האָב איך דערהערט באַרג אַראָפּ פון שטאָט עפּעס אַ מאָדנעם שרעקלעכן רעש. הינט האָבן געבילט, געהײלט, געקוויטשעט, מענטשן האָבן געשריען, און דער רעש האָט זיך אַראָפּגעלאָזט באַרג אַראָפּ און איז צוגעקומען אַלץ נעענטער און נעענטער צו דער פֿאַרשטאָט. בולקע האָט זיך אויפגעהערט צו קראַצן, אײַנגעמאָסטעט זיין ברייטן קאָפּ מיט די ווייסע ציין צווישן די ווייסע פאָדערשטע פיסלעך, אויסגעלייגט באַקוועם זיין צונג, און איז זיך געלאַסן געלעגן לעבן מיר. ווען ער האָט דערהערט דעם רעש, האָט ער פונקט ווי פֿאַרשטאַנען, וואָס דאָס הייסט, אָנגעשטעלט די אויערן, באַוויזן די ציין, אַ שפּרונג געטאָן און אָנגעהויבן צו בילן. דער רעש האָט זיך דערנענטערט, עס האָט זיך געדאַכט, אַז עס הײלן, קוויטשען און בילן אַלע הינט פון דער גאַנצער שטאָט. איך בין אַרויס צום טויער אַ קוק טאָן און די בעל-הביתטע פון מיין שטוב איז אויך צוגעגאַנגען. איך האָב זי געפרעגט: „וואָס איז דאָס?" האָט זי מיר געענטפערט: „דאָס גייען אַרום די אַרעסטאַנטן פון דער תּפיסה און זיי שלאָגן די הינט. עס איז געוואָרן אַ פאַרפלייצונג פון הינט, און די שטאָט-מאַכט האָט געהייסן אויסהרגענען אַלע הינט פון דער שטאָט".

— וואָס הייסט, וועט מען בולקען אויך הרגענען, אויב מען וועט אים פאַקן?

— ניין, די הינט מיט האַלז-קייטן, הייסט מען ניט טשעפּען.

אין דער זעלבער צייט, וואָס איך האָב גערעדט, זיינען די הינטשלעגער שוין צוגעגאַנגען צו אונזער הויף.

פאַראויס זיינען געגאַנגען זעלנער, אונטן פיר אַרעסטאַנטן אין קייטן. און דאָ האָט זיך בולקע האַסטיק אַ וואָרף געטאָן אויף איינעם פון די אַרעסטאַנטן. איך האָב זיך דערמאָנט, אַז ער האָט ניט אויף זיך דעם האַלז-קייט און האָב אַ געשריי געטאָן: „בולקע, צוריק!" אויך צו די אַרעסטאַנטן האָב איך געשריען זיי זאָלן ניט טשעפּען בולקען. אָבער ווען דער אַרעסטאַנט האָט דערזען בולקען, האָט ער אים געשיקט אָנגעכאַפּט מיט אַן אייזערנעם האַטשעק פאַרן פיסל. בולקע האָט זיך אַ לאָז געטאָן אויף צוריק, אָבער דער אַרעסטאַנט האָט אים געשלעפּט צו זיך. די סכּנה איז געווען גרויס, אָבער בולקע

האָט זיך אַ ריס געטאָן, די הויט אויפן פּוס האָט זיך דורכגעריסן און, מיט אַן אונטערגעבייגטן ווײדל, מיט אַ רויטער וווּנד אויפן פּוס, איז ער האַסטיק אַרײַנגעפלויגן דורך דער פּאַרטקע אין שטוב אַרײַן און האָט זיך פאַרשטעקט אונטער מײַן בעט.

גראַטעוועט האָט ער זיך מיט דעם, וואָס זײַן הויט איז דורכגעריסן געוואָרן אויף דורך און דורך אין יענעם אָרט, ווו דער האַטשעק האָט געשטעקט.

## דער סוף פון בולקען און מילטאָנען.

דער סוף פון בולקען און מילטאָנען איז געקומען אין איין און דערזעלבער צייט. דער אַלטער קאָזאַק האָט ניט געוואוסט ווי צו באַגיין זיך מיט מילטאָנען. אָנשטאָט דעם ער זאָל אים נעמען אויף אַ פויגל=יאַגד, האָט ער אים גענומען פירן אויף ווילדע חזירים. אין דעם זעלבן האַרבסט האָט אים אַ ווילדער חזיר אויפגעטרענט דעם בויך. קיינער האָט נישט געקאָנט אים פאַרנייען, און מילטאָן איז געפגרט. בולקע האָט אויך ניט לאַנג געלעבט נאָך דעם, ווי ער האָט זיך געראַטעוועט פון די הינטשלעגער. אין אַ קורצער צייט אַרום איז ער געוואָרן זייער אומעטיק, און גענומען לעקן אַלץ, וואָס עס איז אים נאָר געקומען אונטערן צונג; ער האָט מיר געלעקט די הענט, נאָר נישט אַזוי ווי פריער, בשעת ער האָט זיי געצערטלט. ער האָט לאַנג געלעקט און שטאַרק אָנגעקוועטשט מיטן צונג, און שפּעטער אָנגעהויבן אַרײַנצוכאַפּן מײַן האַנט אין די ציין אַרײַן. עס האָט אים, אַפּנים, געצויגן אַ ביס צו טאָן די האַנט, אָבער ער האָט זיך אײַנגעהאַלטן. איך האָב אים אויפגעהערט צו געבן מײַן האַנט. דאַמאָלסט האָט ער גענומען לעקן און שפּעטער בײַסן די שטיוול אָדער די פיסלעך פון דעם טיש. אַזוי האָט געדויערט צוויי טעג, אויפן דריטן טאָג איז ער פאַרפאַלן געוואָרן, און קיינער האָט שוין ניט געזען און ניט געהערט פון זיים.

עס איז געווען אויסגעשלאָסן מען זאָל אים צוגובענען, אָדער ער זאָל אַוועקגיין אַליין, און געטראָפן האָט זיך די מעשה אַ וואָכן זעקס נאָך דעם, ווי דער וואָלף האָט אים אַ ביס געטאָן. הייסט דאָס, דער וואָלף איז אין דער אמתן געווען אַ משוגענער. בולקע איז משוגע געוואָרן און איז אַוועק. ער איז קראַנק

געוואָרן אויף דער קרענק, וואָס הייסט אויפֿן יעגער=לשון „סעטשקאַ" (שטילער הונט=משוגעת). מען זאָגט, אַז דער משוגעת באַשטייט אין דעם, וואָס ביי אַ משוגענער חיה מאַכן זיך אין האַלז קראַמפּן. די משוגענע חיות ווילן טרינקען און קאָנען ניט, מחמת פֿון וואַסער ווערן די קראַמפּן נאָך שטאַרקער. דאַמאָלסט ווערן זיי פֿון ווייטאָג און דורשט אויסער זיך און זיי הייבן אָן צו ביימן. אויך ביי בולקען האָבן זיך, אַפּנים, אָנגעהויבן די קראַמפּן, בשעת ער האָט פֿריער געלעקט און שפּעטער געביסן מיין האַנט און דאָס פּיסל פֿון טיש.

איך בין אויסגעפֿאָרן די גאַנצע געגנט און געזוכט בולקען, אָבער איך האָב ניט געקאָנט דערגיין, ווו האָט ער זיך אַהינגעטאָן, און ווי אַזוי איז ער געפּגרט. ווען ער וואָלט אַרומגעלאָפֿן און געביסן זיך, ווי דער שטייגער איז פֿון משוגענע הינט, וואָלט איך וועגן אים געהערט. ער האָט זיך, ווייזט אויס, פֿאַרקליבן אין אַ וויסטן אָרט און דאָרט געשטאָרבן אַליין. די יעגער זאָגן, אַז ווען מיט אַ קלוגן הונט מאַכט זיך דער שטילער משוגעת, אַנטלויפֿט ער אין די פֿעלדער אָדער וועלדער, און זוכט דאָרט די גראָז, וואָס ער דאַרף, וואַלגערט זיך אויס אין די טויען און היילט זיך אַליין. בולקע, אַפּנים, האָט זיך ניט געקאָנט אויסהיילן. ער האָט זיך ניט אומגעקערט צוריק און איז פֿאַרלאָרן געגאַנגען.

## דער גרויער האָז.

אַ גרויער האָז האָט זיך ווינטער=צייט געלעבט לעבן אַ דאָרף. ווען עס איז געקומען די נאַכט, האָט ער אויפֿגעשטעלט איין אויער, זיך צוגעהערט, שפּעטער דעם צווייטן אויפֿגעשטעלט, אַ פּיר געטאָן מיט די וואָנסעס, אַ צי געטאָן דעם אָטעם און זיך צוגעזעצט אויף די הינטערשטע פּיסלעך. שפּעטער האָט ער אַ שפּרונג געטאָן איבערן טיפֿן שניי איינמאָל און צווייטמאָל, ווייטער זיך געזעצט אויף די הינטערשטע פּיסלעך און גענומען אַרומקוקן זיך. אַ־ום און אַרום איז גאָרנישט ניט געווען צו זען, אַחוץ שניי. דער שניי איז געלעגן כוואַליעס=ווייז און געבלינצלט, ווי צוקער. איבערן האָזס קאָפּ איז געשטאַנען אַ פּראָסטיקער נעבל און דורכן נעבל האָבן אַרויסגעקוקט גרויסע, גרעלע שטערן.

דער האָז האָט געדאַרפט איבערגיין דעם ברייטן שליאַך, כדי קומען צום באַקאַנטן שייער. און פון ברייטן שליאַך האָט זיך געלאָזט הערן ווי עס ריפען שליטנס, הירזשען פערד און סקריפען די שליטנס=געזעמן.

דער האָז האָט זיך אָפגעשטעלט ביים וועג. לעבן די שליטנס האָבן געשפאַנט דאָרפסלייט מיט אויפגעשטעלטע קעלנער. זייערע פנימער האָבן זיך קוים אָנגעזען. די בערד, די וואָנסעס, די וויעס זיינען געווען ווייס פון פראָסט. פון די מיילער און נעזער איז געגאַנגען אַ פאַרע. די פערד זייערע זיינען געווען שווייסיקע, און צום שוויים איז צוגעשטאַנען אַ געפריר. די פערד האָבן זיך געשטופט אין דעם געשפאַנעכץ, געטוקט זיך און ווייטער אַרויסגעשווומען פון די שניי=גריבער. די פוערים האָבן דעריאָגט, איבערגעיאָגט די פערד און געשלאָגן זיי מיט די בייטשן. צוויי אַלטע האָבן געשפאַנט איינער לעבן צווייטן, און איינער האָט דעם צווייטן דערציילט, ווי מען האָט ביי אים צוגעגנבעט אַ פערד.

ווען די פורן זיינען פאַרבייגעפאָרן, איז דער האָז איבערגעשפרונגען דעם וועג און זיך גרינג געלאָזט צום שייער. אַ הינטל פון די פורן האָט דערזען דעם האָז. ער האָט זיך צעבילט און זיך אַ וואָרף געטאָן נאָך אים. דער האָז האָט גענומען שפרינגען איבער די בערגלעך שניי צום שייער צו; דעם האָז האָבן די בערגלעך שניי פאַרהאַלטן, אָבער דער הונט איז שוין אויפן צענטן שפרונג פאַרגרוזניעט געוואָרן אין שניי און האָט זיך אָפגעשטעלט. דאַמאָלסט האָט זיך דער האָז אויך אָפגעשטעלט, געזעסן אַ ביסל אויף די הינטערשטע פיסלעך און שטילערהייט זיך ווייטער געלאָזט צום שייער צו. אויפן וועג האָט ער באַגעגנט צוויי האָזן. זיי האָבן געגעסן פונעם פאַרוויטס און האָבן זיך געשפילט צווישן זיך. האָט דער האָז אַ ווײַלע זיך געשפילט מיט די חברים, געגראָבן מיט זיי דעם פראָסטיקן שניי, פאַרזוכט פון דעם ווינטער=קאָרן און איז אַוועק ווייטער. אין דאָרף איז אַלץ געווען שטיל, דאָס ליכט אויסגעלאָשן און אין גאַס האָט זיך נאָר געהערט, ווי עס וויינט אַ קינד אין אַ שטוב און די קלעצער פון די שטוב=ווענט קראַכן פון פראָסט. דער האָז איז געקומען אין שייער און דאָרט געפונען זיינע חברים. ער האָט זיך דאָרט אויפן אויסגעראַמטן פלאַך פונעם

שייער אַ ווײַלע געשפּילט זיך מיט זיי און אַ ביסל האָבער פֿון דעם אָנגעהויבענעם הויפֿן געגעסן. שפּעטער האָט ער אַרויסגעקלע־טערט אויפֿן דאַך, וואָס איז געווען פֿאַרשאָטן מיט שניי, פֿון דאָרטן אַראָפּגעשפּרונגען צום אָרט ווו מען טריקנט דעם קאָרן, און דורכן פּליט אַוועק צוריק צו זיין גראָבן. אויף מזרח־זייט האָט שוין אָנגעהויבן שאַריען אויף טאָג, אַ טייל שטערן האָבן זיך באַהאַלטן, און דער פּראָסטיקער נעבל האָט זיך נאָך גע־דיכטער אויפֿגעהויבן איבער דער ערד. אין דעם נאָענטן דאָרף זײַנען אויפֿגעשטאַנען די ווײַבער און זײַנען געגאַנגען נאָך וואַסער, פּויערים האָבן געטראָגן שפּייז פֿון די שייערס, קינדער האָבן געשריען און געוויינט. איבערן שליאַך האָבן זיך איצט נאָך מער פֿורן געצויגן, און די דאָרפֿסלייט האָבן צווישן זיך העכער גערעדט.

דער האָז איז אַריבערגעשפּרונגען דעם וועג, צוגעקומען צו זײַן אַלטער לאָך, אויסגעקליבן אַ העכערן אָרט, צעגראָבן דעם שניי, געלייגט זיך מיטן הינטן אין דער נייער לאָך, איינגעמאָס־טעט זײַנע אויערן אויף דער פּלייצע און איז מיט אָפֿענע אויגן אַנטשלאָפֿן געוואָרן.

## דער הושענא־בוים.

פּסח־צייט איז אַ פּויער אַרויס אַ קוק טאָן, צי די ערד איז שוין אָפּגעגאַנגען.

ער איז געקומען אין גאָרטן און מיט אַן אײַזערנעם שטעקן גענומען פּרוּוון די ערד. די ערד איז ווייך געוואָרן. איז דער פּויער אַוועק אין וואַלד, און אין וואַלד האָבן זיך שוין אויף דעם הושענא־בוים אָנגעבלאָזט קנאָספּן. האָט דער פּויער אַ טראַכט געטאָן: „לאָמיר פֿאַרפֿלאַנצן די הושענאס אַרום מײַן גאָרטן; ווען זיי וועלן אויסוואַקסן—וועלן זיי זײַן פֿאַר מײַן גאָרטן אַ שוץ!" און ער האָט גענומען די האַק, אָנגעהאַקט אַ צענדליק הושענא־צווייגן, פֿאַרשפּיצט מיט אַן אײַזן זייערע גראָבע עקן און אַרײַנגעשטעקט זיי אין דער ערד.

האָבן אַלע הושענאס אַרויסגעלאָזט שפּראָצן —, אַרויף צו מיט בלעטער און אויך אַראָפּ, אונטער דער ערד, האָבן זיי אַרויסגעלאָזט פּונקט אַזוינע שפּראָצן אָנשטאָט וואָרצלען. אייניקע

פון זיי האָבן זיך גוט פאַרטשעפּעט אין דער ערד און זיך אָנגענומען, אָבער אַנדערע האָבן דאָס געמאַכט אומגעשיקט,—זיינען זיי פאַרשטאָרבן געוואָרן און זיינען אומגעפאַלן.

צו האַרבסט צו האָט זיך דער פויער געפריייט מיט זיינע הושענאָס: זעקס שטיק האָבן זיך אָנגענומען. אויפן צווייטן פרילינג האָבן שעפסן אַרומגעביסן פיר הושענאָס, און עס זיינען געבליבן נאָר צוויי. אויפן דריטן פרילינג האָבן די שעפסן די צוויי הושענאָס אויך אַרומגעריסן. איינע פון זיי איז פאַרלוירן געגאַנגען, און די צווייטע איז דאָס בייגעקומען, גענומען איינוואָרצלען זיך און האָט זיך שטאַרק צעוואַקסן. פרילינגס־צייט האָבן די בינען שטאַרק געהודעט אויף דער הושענא. מינוטנווייז פלעגן זיך די בינען זעצן אויף דעם בוים, און די דאָרפסלייט האָבן שפּעטער פון דעם בוים געשאַרט דעם האָניק. די דאָרפסלייט האָבן אָפט איבערגעביסן און געשלאָפן אונטער דער הושענא, און די חברה קליינוואַרג זיינען געקראָכן אויף איר און אָפּגעבראָכן פון איר ריטלעך.

דער פויער, וואָס האָט די הושענא פאַרזעצט, איז שוין לאַנג געשטאָרבן, און זי איז זיך געוואַקסן. דעם פויערס עלטערער זון האָט צוויי מאָל אַ־אָפּגעהאַקט פון איר די צווייגן און געהייצט מיט זיי, נאָר די הושענא האָט ניט אויפגעהערט צו וואַקסן. האַקט מען זי אָרום, מען מאַכט פון איר אַ קלעצל, און זי לאָזט צו פרילינג צו ווייטער אַרויס צווייגן, וואָס זיינען אַפילו דינער, אָבער דערפאַר צוויי מאָל גרעסער ווי אַמאָל און זעען אויס ווי אַ פּאַסמע האָר ביי אַ לאָשאַקל.

אויך ביי דעם עלטערן זון האָט זיך זיין בעל־הבתישקייט פאַרענדיקט, און דער דאָרף איז וויסט געוואָרן, אָבער די הושענא איז זיך אַלץ געוואַקסן אויפן פרייען פעלד. פרעמדע פויערים זיינען געקומען צו איר, געהאַקט זי — זי האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן. אַ דונער האָט די הושענא געטראָפן; זי איז אָפּגעקומען מיט די זייטיקע צווייגן און ווייטער געוואַקסן, ווייטער געבליט. איין פויער האָט זי געוואָלט אָפּהאַקן אויף אַ קלאָץ, אָבער געלאָזט אין מיטן: שוין שטאַרק פויל איז זי געווען. שפּעטער איז די הושענא געפאַלן אויף אַ זייט און האָט זיך נאָר מיט איין זייט געהאַלטן, אָבער אַלץ געוואַקסן, און פון

יאָר צו יאָר זיינען געקומען צו פליען בינען אַרומשאַרן פון אירע בלומען דאָס בליעכץ.

און איינמאָל אין פריען פרילינג האָבן זיך אונטער דער הושענא צונויפגעקליבן אַ חברה יינגלעך היטן פערד. עס איז געוואָרן זיי קאַלט, האָבן זיי געוואָלט מאַכן אַ פייער, און צוליב דעם צונויפגעקליבן טרוקענע צווייגן, שטרוי און פּאַשינע. איינער איז אַרויפגעקראָכן אויף דער הושענא און אָנגעבראָכן צווייגן פון איר. דאָס האָלץ האָבן זיי אַריינגעלייגט אין בוים־חלל און גע־מאַכט פייער. האָט די הושענא גענומען צישען און דער זאַפט אירער זידן, עס איז אַוועק אַ רויך און דאָ און דאָרט האָט זיך באַוויזן אַ פלאַם; איר גאַנצע אינווייניקס איז שוואַרץ גע־וואָרן. די יונגע שפּראָצן האָבן זיך איינגעקאָרטשעט, די קווייטן פאַרוועלקט. די חברה האָבן די פערד אַוועקגעטריבן אַהיים, און די אָפּגעברענטע הושענא איז זיך געבליבן איינע אַליין אין פעלד. איז געקומען צופליגן אַ שוואַרצע קראָ, אַנידערגעזעצט זיך אויף דעם בוים און האָט זיך צעשריען: „נו, וואָס, געפּגרט, אַלטע קאָטשערע? שוין לאַנג צייט געוועזן".

## גאָט ווייסט דעם אמת, אָבער נישט באַלד ווייזט ער אים.

אין דער שטאָט וולאַדימיר האָט זיך געלעבט אַ יונגער בוחר מיטן נאָמען אַקסיענאָוו. ער האָט פאַרמאָגט צוויי קראָמען מיט אַ שטוב.

אַקסיענאָוו איז געווען אַ העלער, געקרייזלטער, אַ שיינער, זייער אַ פריילעכער, און ער האָט שיין זינגען געקאָנט. אין זיינע יונגע יאָרן האָט אַקסיענאָוו אַ סך געשיכּורט. ווען ער פלעגט זיך אָנטרינקען—האָט ער שטאַרק געווילדעוועט, אָבער פון זינט ער האָט חתונה געהאַט, האָט ער אויפגעהערט צו טרינקען, סיידן גאָר, גאָר זעלטן אַמאָל.

איינמאָל זומער האָט זיך אַקסיענאָוו געלאָזט אויף אַ יריד אין דער שטאָט ניזשני. ווען ער האָט גענומען געזעגענען זיך מיט דער משפּחה, האָט זיך זיין ווייב אָנגערופן צו אים:

— איוואַן דמיטריטש, פאָר איצט ניט. איך האָב וועגן דיר אַ שלעכטן חלום געהאַט.

אקסיענאָוו האָט זיך צעלאַכט און זאָגט:

— דו האָסט, אַפּנים, מורא איך זאָל זיך ניט פאַרהוליען אויפן יריד?

די ווייב האָט געזאָגט:

— איך ווייס אַליין ניט, פאַרוואָס איך האָב מורא, אָבער דער חלום איז ניט געווען קיין גוטער. עס האָט זיך מיר גע־חלומט, אַז דו קומסט פון שטאָט, נעמסט אַראָפּ דאָס היטל און איך דערזע: דער גאַנצער קאָפּ איז ביי דיר גרוי.

אַקסיענאָוו האָט געלאַכט:

— נו, דאָס איז צו גוטנס. אָט וועסטו זען, איך וועל אַ סך פאַרדינען און וועל דיר טייערע מתנות ברענגען.

ער האָט זיך געזעגנט מיט זיין משפּחה און איז אַוועק־געפאָרן.

אין מיטן וועג האָט ער זיך געטראָפן מיט זיינעם אַ באַ־קאַנטן סוחר, און צוזאַמען מיט אים אָפּגעשטעלט זיך אויף נאַכט אין אַן אַכסניה. זיי האָבן אָפּגעטרונקען טיי און האָבן זיך גע־לייגט שלאָפן אין צוויי שכנישע צימערן. אַקסיענאָוו האָט ניט ליב געהאַט לאַנג צו שלאָפן; אינמיטן נאַכט האָט ער זיך אויפ־געכאַפּט, האָט אויפגעוועקט דעם אָנטרייבער און האָט אים גע־הייסן שפּאַנען, כדי עס זאָל זיין גרינגער צו פאָרן אין דער קיל. שפּעטער איז ער דורך דער הינטערשטער טיר אַריין צום בעל־הבית פון דער אַכסניה, האָט אים באַצאָלט, וואָס עס איז אים געקומען און איז אַוועקגעפאָרן.

אָפּגעפאָרן אַ ווערסט פערציק, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין אַ צווייטער אַכסניה, אָנגעהאָדעוועט די פערד און האָט זיך אָפּגערוט אַ ביסל. צו מיטאָג־צייט איז ער אַרויס אויפן גאַניק, געהייסן שטעלן דעם סאַמאָוואַר, אַרויסגענומען זיין גיטאַרע און אָנגעהויבן צו שפּילן. פּלוצים פאָרן אָן צום הויף דריי פערד מיט גלעקלעך, פון דער כּורל שפּרינגט אַרויס אַ מענטש מיט אַ קנעפּל און מיט אים צוויי זעלנער. דער פרעמדער מענטש האָט זיך גלייך אַ לאָז געטאָן צו אַקסיענאָוון און פרעגט אים: „ווער? פון וואַנען?" אַקסיענאָוו האָט אים געענטפערט, און שפּע־טער האָט ער אים פאַרגעלייגט: „אפשר וועט איר מיט מיר אַ גלעזל טיי אויסטרינקען?"

אָבער דער מענטש שטייט ניט אָפּ פון אים מיט זיינע

קשיות: „ווי האָט ער געגעכטיקט די פאַריקע נאַכט? אַליין, צי מיט אַ סוחר? האָט ער אינדערפרי דעם סוחר געזען? פאַרוואָס איז ער אַזוי פרי אַרויסגעפאָרן?" אַקסיענאָוו האָט זיך פאַרחידושט, וואָס מען פרעגט אים אַזוי אויס; האָט ער דערציילט, ווי די מעשה איז געווען, און שפּעטער געפרעגט: „אָבער וואָס פרעגט איר מיך עפּעס אַזוי אויס? איך בין דאָך ניט קיין גנב, אָדער אַ מין גזלן דאָרט. איך פאָר זיך צוליב מיינע געשעפטן, און ניטאָ וואָס מיך אויסצופ־עגן".

דאַמאָלסט האָט דער מענטש אַ רוף געטאָן די זעלנער און געזאָגט:

— איך בין — אַ פּאָליציי־מאַן. איך פרעג דיך אויס, ווייל מען האָט דעם סוחר, מיט וועלכן דו האָסט צוזאַמען גענעכטיקט, געפונען אַ דערהרגעטן. דו ווייז נאָר דיינע זאַכן, און איר באַזוכט אים.

זיינען זיי אַריין אין שטוב, גענומען זיינע פּעקלעך, פונאַנדערגעבונדן זיי און אָנגעהויבן צו זוכן. פּלוצים האָט דער פּאָליציי־מאַן אַרויסגענומען פון זאַק אַ מעסערל און האָט זיך צעשריען:

— וועמעס איז דאָס מעסערל?

אַקסיענאָוו האָט צוגעקוקט, ווי מען באַזוכט זיינע זאַכן. פּלוצים זעט ער, ווי מען שלעפּט אַרויס פון זיין זאַק אַ מעסערל, און דאָס מעסערל איז אינגאַנצן אויסגעשמירט אין בלוט. אַקסיענאָוו האָט זיך שטאַרק דערשראָקן.

— און וואָס איז דאָס פאַר אַ בלוט אויפן מעסער?

אַקסיענאָוו האָט געוואָלט ענטפערן, אָבער ער האָט נישט געקאָנט אויסריידן קיין וואָרט.

— איך... איך ווייס ניט... איך... דער מעסער... איך... ניט מיינער.

דאַמאָלסט האָט דער פּאָליציי־מאַן געזאָגט:

— מען האָט דעם סוחר אינדערפרי געפונען אַ דערשטאָכענעם אין בעט. נאָר דו האָסט דאָס געקאָנט טאָן. די שטוב איז געווען פון אינווייניק פאַרשפּאַרט. און קיינער איז אין שטוב חוץ דיר ניט געווען. און אָט איז נאָך דאָס פאַרבלוטיקט מעסערל ביי דיר אין זאַק אויך, און אויסער דעם זאָגט שוין דער פּנים דיינער אויס דעם אמת. דערצייל, ווי אַזוי האָסטו אים

געהרגעט און וויפיל האָסטו ביי אים צוגערויבט געלט?

אַקסיענאָוו האָט זיך געשוואָרן, אַז ער איז גאָט די נשמה שולדיק, אַז ער האָט דעם סוחר, נאָך דעם, ווי ער האָט מיט אים צוזאַמען געטרונקען טיי, שוין מער ניט געזען, אַז ער האָט נאָר ביי זיך זיין אייגן געלט 8.000 ר., און אַז דאָס מעסערל איז ניט זיינס. אָבער זיין קול האָט בשעת מעשה געציטערט, דער פנים איז געווען בלאַס, און ער האָט זיך פון שרעק געטרייסלט, ווי אַן אמתער שולדיקער.

דער פּאָליציי-מאַן האָט צוגערופן די זעלנער, געהייסן בינדן אַקסיענאָוון און אַרויפזעצן אים אויפן וואָגן. ווען מען האָט אים מיט געבונדענע פיס אַרויפגעוואַלגערט אויפן וואָגן, האָט זיך אַקסיענאָוו איבערגעצלמט און האָט זיך צעוויינט. מען האָט ביי אַקסיענאָוון צוגענומען די זאַכן, דאָס געלט, און אים אַליין אַוועקגעשיקט אין אַ תפיסה, וואָס אין דער נאָענטסטער שטאָט. מען האָט געשיקט קיין וולאַדימיר נאָך ידיעות וועגן אַקסיענאָוון. אַלע סוחרים און וולאַדימירער איינוווינער האָבן עדות געזאָגט, אַז אין די יונגע יאָרן האָט אַקסיענאָוו אמת געשיכורט און געהוליעט, אָבער אַ מענטש איז ער שטענדיק געווען אַ ליטישער. דעמאָלסט האָט מען אים גענומען משפטן. מען האָט אים באַשולדיקט אין דעם, אַז ער האָט געהרגעט דעם ריאַזאַנער סוחר און צוגעגנבעט ביי אים 20.000 רובל געלט.

זיין ווייב האָט זיך ממש דאָס לעבן גענומען, זי האָט גאָר ניט געוווּסט, וואָס צו טראַכטן. די קינדער זיינען אַלע זייער קליינע געווען, און איינער נאָך ביי דער ברוסט אפילו. האָט זי זיי אַלע גענומען מיט זיך און אַוועקגעפירט אין יענער שטאָט, ווו דער מאַן איז געזעסן אין תפיסה. לכתחילה האָט מען זי ניט געוואָלט צולאָזן צו אים, אָבער זי האָט אַזוי לאַנג געבעטן די מאַכטהאָבער, ביז מען האָט זי געבראַכט צו פירן צום מאַן. און ווען זי האָט אים דערזען אין דעם אַרעסטאַנטסקן הילך, אין קייטן געשמידט, צוזאַמען מיט די גזלנים, איז זי אַ פאַל געטאָן אויף דער ערד און לאַנג נישט געקאָנט קומען צו זיך. שפּעטער האָט זי אויסגעשטעלט אַלע קינדער אַרום זיך, צוגעזעצט זיך צו אים, גענומען דערציילן אים וועגן די שטוב-זאַכן און פונאַנדערפרעגן אים וועגן דעם אומגליק. ער האָט איר אַלץ דערציילט. זי האָט געזאָגט:

— וואָס זשע טוט מען איצט?
ער האָט געענטפערט:
מען דאַרף בעטן דעם קיסר. מען וועט דאָך ניט לאָזן פאַלן אַן אומשולדיקן.
די ווייב האָט געזאָגט, אַז זי האָט שוין דערלאַנגט אַ ביטע צום קיסר, אָבער די ביטע איז צו אים ניט דערגאַנגען. אַקסיענאָוו האָט גאָרנישט געזאָגט און נאָר אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. דאַמאָלסט האָט זיך די ווייב אָנגערופן:
— נישט אומזיסט האָט זיך מיר געחלומט, געדענקסט, אַז דו ביסט גרוי געוואָרן. אָט ביסטו אויך דער וואָר שוין פון צרות גרוי. נישט באַדאַרפסט טאַקע דאַמאָלסט פאָרן.
און זי האָט גענומען גלעטן זיינע האָר און האָט זיך אָנגערופן:
— וואַניע, האַרציקער פריינד מיינער, דער ווייב מעגסטו דאָך דעם אמת זאָגן, דו ביסט ניט שולדיק?
אַקסיענאָוו האָט נאָר געזאָגט: „אויך דו האָסט דאָס געקאָנט טראַכטן אויף מיר!" שפּעטער האָט ער זיך פאַרשטעלט דעם פּנים מיט די הענט און זיך צעוויינט. באַלד איז געקומען אַ זעלנער און געזאָגט, אַז די ווייב מיט די קינדער מוזן שוין אַוועקגיין, און אַקסיענאָוו האָט זיך צום לעצטן מאָל געזעגנט מיט זיין משפּחה.
ווען די ווייב איז אַוועק, האָט אַקסיענאָוו גענומען איבערקלייבן אין זכרון אַלע פּרטים פון זייער געשפּרעך. און ווי נאָר ער האָט זיך דערמאָנט, אַז אַפילו זיין אייגן ווייב האָט אים געקאָנט חושד זיין, געקאָנט אים פרעגן, צי ער האָט דעם סוחר געהרגעט, האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט: „אַפּנים, אַז גאָט אַליין ווייסט נאָר דעם אמת, ווייטער קיינער ניט, און נאָר ביי אים דאַרף מען בעטן רחמים, און נאָר ער קאָן זיך אויף מיר דערבאַרימען". און פון יענעם מאָל אָן האָט אַקסיענאָוו אויפגעהערט צו דערלאַנגען ביטעס, אויפגעהערט צו האָפן און נאָר מתפּלל געווען.
דער פּסק-דין אויף אַקסיענאָוון איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מען האָט אים געדאַרפט באַשטראָפן מיט בייטש-שמיץ און פאַרשיקן אויף קאַטאָרגע. און אַזוי האָט מען געטאָן.
מען האָט אים געשמיסן מיט בייטשן און שפּעטער, ווען

די ווונדן פון די שמיץ האָבן זיך פאַרהיילט, האָט מען אים, צוזאַמען מיט אַנדערע קאַטאָרזשאַנער, אַוועקגעטריבן קיין סיביר.

אין סיביר, אויף דער קאַטאָרגע, האָט אַקסיענאָוו אָפּגע־לעבט 26 יאָר. די האָר פון זיין קאָפּ זיינען געוואָרן ווייס, ווי שניי, און עס איז ביי אים אָפּגעוואַקסן אַ לאַנגע, שמאָלע גרויע באָרד. זיין גאַנצע פריילעכקייט איז נעלם געוואָרן. ער איז געוואָרן איינגעהויקערט, האָט שטיל אַרומגעשפּאַנט, ווייניק גע־רעדט, קיינמאָל נישט געלאַכט. און זייער אָפט מתפּלל געווען פאַר גאָט.

אַקסיענאָוו האָט זיך אין תּפיסה אויסגעלערנט צו נייען שטיוול און אויף די פאַרדינטע געלט האָט ער זיך געקויפט הייליקע ספרים, און בשעת עס איז געווען ליכטיק אין תּפיסה אַריינגעקוקט אין זיי. אין די יום־טובים איז ער געגאַנגען אין תּפיסה־קלויסטער, געזאָגט דאָרט תּהלים און געדאַוונט בײם עמוד; די שטים איז ביי אים נאָך אַלץ געווען אַ גוטע. די תּפיסה־מאַכט האָט אַקסיענאָוון ליב געהאַט פאַר זיין שטילקייט. אויך די תּפיסה־חברים האָבן זיך צו אים באַצויגן מיט גרויס דרך־ארץ און גערופן אים „זיידע" און „הייליקער מענטש". ווען מען האָט געדאַרפט עפּעס פּועלן ביי דער תּפיסה־מאַכט, האָט מען די בקשה שטענדיק געשיקט דורך אַקסיענאָוון, און ווען די קאַטאָרזשאַנער פלעגן זיך צעקריגן צווישן זיך, זיינען זיי שטענ־דיק געקומען צו אַקסיענאָוון לאָדן זיך.

פון דער היים האָט קיינער אַקסיענאָוון נישט געשריבן קיין בריוו, און ער האָט ניט געוואוסט, צי זיין ווייב און קינדער לעבן נאָך.

איינמאָל האָט מען געבראַכט צו פירן אויף דער קאַטאָרגע אַ נייע גרופּע מענטשן. פאַרנאַכט האָבן אַלע אַלטע קאַטאָרזשאַ־נער אַרומגערינגלט די ניי־אָנגעקומענע און גענומען זיך פונאַנ־דערפרעגן ביי זיי, ווער פון וועלכער שטאָט אָדער דאָרף איז, און ווער פאַר וועלכע מעשׂים. אַקסיענאָוו האָט זיך אויך צו־געזעצט אויף די ברעטער לעבן די ניי־אָנגעקומענע, און מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן געהערט, וואָס יעדערער פון זיי דערציילט.

איינער פון די ניי־אָנגעקומענע איז געווען אַ הויכער, געזונ־טער זקן פון אַ יאָר 60, מיט אַ גרויער אונטערגעשאָרענער

באַרד. ער האָט דערציילט, פאַרוואָס מען האָט אים גענומען. ער האָט געזאָגט:

— אַזוי איז, ברידערלעך, אומזיסט און אומנישט האָט מען מיך אַהער פאַרשיקט. איך האָב ביי אַ בעל-עגלה דעם פערד פון דעם שליטן אָפּגעבונדן. געכאַפּט, שרייט מען: צוגע-גנבעט. און איך זאָג: איך האָב נאָר געוואָלט גיכער דערפאָרן, — האָב איך דאָס פערד אָפּגעלאָזט. און דער בעל-עגלה איז גראָד מיינער אַ פריינד. אָרדנונג, זאָג איך. ניין, טענהן זיי, צוגעגנבעט. און דאָס ווייסן זיי ניט, וואָס און ווו צוגעגנבעט. געווען מעשים, אפשר האָב איך שוין לאַנג באַדאַרפט דאָ זיין, אָבער זיי האָבן מיך נישט געכאַפּט ביי דער האַנט. און איצט האָט מען מיך נישט געזועצלעך אַהער פאַרטריבן. אָבער ניין, איר זייט זיך טועה, — אויב שוין יאָ אין סיביר זיין, איז נישט אויף לאַנג אַ גאַסט...

— און פון וואַנען ביסטו? — האָט אים איינער געפרעגט.

— פון דער שטאָט וולאַדימיר בין איך, אַ דאָרטיקער תושב. רופן רופט מען מיך מאַקאַר, און דעם פאָטער מיינעם האָט מען גערופן סעמיאָן.

אַקסיענאָוו האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און האָט געפרעגט:

— האָסטו אפשר, סעמיאָניטש, אין וולאַדימיר דער שטאָט וועגן די סוחרים אַקסיענאָווער עפּעס געהערט? לעבן זיי?

— פאַרוואָס זאָל איך ניט הערן! רייכע סוחרים, נישט געקוקט, וואָס דער פאָטער איז אין סיביר. אַזאַ, ווייזט אויס, זינדיקער, ווי מיר. און דו אַליין, זיידע, פאַר וועלכע מעשים?

אַקסיענאָוו האָט נישט ליב געהאַט צו ריידן וועגן זיין אומ-גליק; האָט ער אַ זיפץ געטאָן און געזאָגט:

— פאַר די זינד מיינע שוין דעם 26 יאָר בין איך דאָ אויף דער קאַטאָרגע.

מאַקאַר סעמיאָנאָוו האָט געפרעגט:

— אָבער פאַר וועלכע זינד?

אַקסיענאָוו האָט נאָר געזאָגט: „מן-הסתם, ווערט געווען", און מער נישט געוואָלט ריידן; אָבער אַנדערע האָבן דערציילט דעם נייעס, ווי אַזוי אַקסיענאָוו קומט אין סיביר. זיי האָבן דער-ציילט, אַז עמיץ האָט אויפן וועג געהרגעט אַ סוחר, אונטערגע-

וואָ־פֿן אַקסיענאָוון זיין מעסער, און ווי מען האָט אַן אומשולדיקן דערפֿאַר פֿאַרמשפּט.

ווען מאַקאַר סעמיאָנאָוו האָט עס דערהערט, האָט ער אַ קוק געטאָן אויף אַקסיענאָוון, אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט איבער די קני און אויסגעשריען:

— נו, אַ וווּנדער! אָט אַ וווּנדער! אָבער אַלט ביסטו, ווידע, געוואָרן!

מען האָט אים גענומען אויספֿרעגן, פֿאַרוואָס האָט ער זיך אַזוי פֿאַרחידושט און וואַנען קען ער אַקסיענאָוון, אָבער מאַקאַר סעמיאָנאָוו האָט זיי נישט געענטפֿערט און נאָר געזאָגט:

— חידושים, חברה, ווי אונז איז אויסגעקומען צו טרעפֿן זיך!

ביי די ווערטער איז אַקסיענאָוון אַרויף אויפֿן זינען, אפֿשר ווייסט עפּעס דער מענטש וועגן דעם אמתן שולדיקן. האָט ער געזאָגט:

— האָסטו, סעמיאָנאָוו, וועגן דער מעשה געהערט פֿריער, אָדער האָסטו מיך דען פֿריער געזען?

— פֿאַרוואָס זאָל איך עפּעס נישט הערן! אַלץ לאָזט זיך הערן, אָבער די מעשה איז שוין לאַנג געווען: וואָס איך האָב אַפֿילו געהערט, האָב איך שוין אויך פֿאַרגעסן,—האָט מאַקאַר סעמיאָנאָוו געזאָגט.

— אפֿשר האָסטו געהערט, ווער האָט דעם סוחר געהרגעט?—האָט אַקסיענאָוו געפֿרעגט.

מאַקאַר סעמיאָנאָוו האָט זיך צעלאַכט און געזאָגט:

— נו יאָ, יענער האָט, אַפּנים, געהרגעט, ביי וועמען מען האָט דאָס מעסערל אין זאַק געפֿונען. און אויב עמיצער האָט דיר אַפֿילו דעם מעסערל אונטערגעוואָרפֿן, האָט מען אים דאָך נישט געכאַפּט—איז ער קיין גנב נישט. און ווי אַזוי האָט ער געקאָנט דיר דאָס מעסערל אַריינרוקן? דער זאַק איז דאָך געשטאַנען ביי דיר צוקאָפּנס. און דו האָסט דען עפּעס געהערט?

ווי נאָר אַקסיענאָוו האָט דערהערט די ווערטער, האָט ער אַ טראַכט געטאָן, אַז דער מענטש האָט געהרגעט דעם סוחר, איז ער באַלד אויפֿגעשטאַנען און אַוועק אין אַ זייט. אַ גאַנצע נאַכט האָט אַקסיענאָוו נישט געקאָנט צומאַכן מיט קיין אויג. אַן

אומעט איז אים באַפאַלן און עס האָט זיך אים אָנגעהויבן פאַר־צושטעלן, ווי זײַן ווײַב באַגלײַט אים אַרויס צום לעצטן מאָל אויפן יריד. ער האָט זי געזען ממש, ווי אַ לעבעדיקע, געזען איר פּנים און אויגן, געהערט, ווי זי רעדט און לאַכט צו אים. שפּעטער האָבן זיך אים פאָרגעשטעלט די קינדער, אַזוינע, ווי זיי זײַנען דאַמאָלסט געווען — קלײנינקע, אײנער אין אַ פּעלצל, דער צווײטער בײַ דער ברוסט. אויך וועגן זיך האָט ער זיך דערמאָנט, ס'אַראַ מין יונגער, פרײלעכער ער איז דאַמאָלסט געווען; דערמאָנט זיך, ווי ער איז זיך געזעסן אויפן גאַניקל פון דער אַכסניה, וווּ מען האָט אים גענומען, געשפּילט זיך אויף דער גיטאַרע און ווי עס איז אים גוט געווען אויפן האַרצן. און ער האָט זיך דערמאָנט דעם פּלאַץ וווּ מען האָט אים געשמיסן, דעם שמײַסער, דעם המון אַרום, די קײטן, די קאַטאָרזשאַנער, און זײַן גאַנצע 26 יאָריקע תּפיסה־לעבן און זײַן אַ־טקײט, — און אַקסיענאָוון איז אַזאַ אומעט באַפאַלן, כאָטש דאָס לעבן זיך צו נעמען.

„און אַלץ אַ דאַנק דעם גזלן!...” האָט אַקסיענאָוו געטראַכט.

ער איז פול געוואָרן מיט כעס אויף מאַקאַר סעמיאָנאָוון. אים האָט זיך פאַרוואָלט אומבאַדינגט נוקם צו זײַן זיך אין יע־נעם, אַפילו ווען ער זאָל דאַרפן באַצאָלן דערפאַר מיט זײַן אײגן לעבן. ער האָט אַ גאַנצע נאַכט תּפילות געזאָגט, אָבער זיך ניט געקאָנט באַרויִקן. בײַטאָג איז ער נישט צוגעגאַנגען צו מאַקאַר סעמיאָנאָוון און נישט געקוקט אין זײַן זײַט.

אַזוי זײַנען אַוועק צווײ וואָכן. אַקסיענאָוו האָט דורך די נעכט נישט געקאָנט שלאָפן, און ער האָט נישט געוווּסט, וווּ זיך אַהינצוטאָן פון דעם גרויסן אומעט, וואָס האָט אים באַהערשט.

אײנמאָל בײַנאַכט האָט ער זיך געלאָזט גײן איבער דער תּפיסה און פּלוצים דערזען, ווי פון אונטער אײן בר־ט זעט זיך ערד. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ קוק צו טאָן. פּלוצים איז פון אונטער די ברעטער אַרויסגעשפּרונגען מאַקאַר סעמיאָנאָוו און מיט אַ דערשראָקן פּנים אָנגעקוקט אַקסיענאָוון. אַקסיענאָוו האָט געוואָלט פאַרבײַגײן, כּדי אים אויסצומײַדן, אָבער מאַקאַר האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט און האָט אים דערצײלט, אַז ער גראָבט אַ דורכגאַנג אונטער די ווענט. בשעת מען טרײַבט זיי אויף דער אַרבעט, טראָגט ער אַרויס יעדן טאָג אין די

שטיוול די ערד אויפן גאַס, און שיט זי דאָרט אויס. ער האָט געזאָגט:

— דו שוויַיג נאַר, אַלטער, וועל איך דיך אויך אַרויס־פירן. און טאָמער זאָגסטו, וועט מען מיך שלאָגן צום טויט, אָבער איך וועל דיר אויך ניט שענקען — דערהרגענען וועל איך דיך.

ווי נאָר אַקסיענאָוו האָט דערזען זיין מערדער, האָט ער זיך פון גרויס כעס אַזש טרייסלען אָנגעהויבן. ער האָט אַרויס־געריסן זיין האַנט פון יענעמס און געזאָגט:

— אַרויסגיין פון דאַנען האָב איך ניט צוליב וואָס און הרגענען מיך איז אויך ניטאָ וואָס — דו האָסט שוין מיך לאַנג געהרגעט. און זאָגן אויף דיר וועל איך אָדער יאָ, אָדער ניין, דאָס איז שוין, ווי גאָט וועט מיר הייסן.

אויפן צווייטן טאָג, ווען מען האָט די קאַטאָרזשאַנער אַרויסגעפירט אויף דער אַרבעט, האָבן די זעלנער באַמערקט די ערד, וואָס מאַקאַר סעמיאָנאָוו האָט אויסגעשאָטן,—האָבן זיי גענומען זוכן אין תּפיסה און געפונען די לאָך. באַלד איז גע־קומען דער אויפזעער פון דער תּפיסה און אָנגעהויבן אַלעמען אויסצופרעגן: „ווער האָט אויסגעגראָבן די לאָך?" אַלע האָבן געלייקנט. די וואָס האָבן אַפילו יאָ געוווסט, האָבן אויך ניט געוואָלט אַרויסגעבן דעם שולדיקן, מחמת זיי האָבן גוט פאַר־שטאַנען, אַז פאַר אַזאַ זאַך וועט מען אים שמייסן ביז צום טויט. דאַמאָלסט האָט זיך דער תּפיסה־אויפזעער געווענדט צו אַקסיענאָוון. ער האָט געוואוסט, אַז אַקסיענאָוו האָט ליב דעם אמת, האָט ער צו אים געזאָגט:

— אַלטער, ביסט אַן איש־אמת, זאָג מיר, ווי דו וואָלסט פאַר גאָט אַליין געזאָגט, ווער האָט דאָס געטאָן?

מאַקאַר סעמיאָנאָוו איז געשטאַנען, ווי ניט אים מיינט מען, געקוקט אויפן אויפזעער און צו אַקסיענאָוון זיך אַפילו ניט אויס־געדרייט. בײַ אַקסיענאָוון האָבן זיך די הענט און די ליפּן גע־טרייסלט, און ער האָט לאַנג נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין וואָרט פון מויל. ער האָט געטראַכט: „זאָל איך אים ניט אַרויס־געבן? אָבער צי דאַרף איך אים מוחל זיין, בשעת ער האָט מיר מיין גאַנץ לעבן געפּטרט? זאָל ער באַצאָלן פאַר מײַנע ליידן. זאָג איך אָבער יאָ אויף אים, וועט מען דאָך אים אין

דער אמתן, ביז צום טויט שמייסן. און טאָמער האָב איך אויס־געטראַכט אַ בלבול אויף אים? און בכלל וועט דען מיר פון דעם גרינגער ווערן?"

דער אויפזעער האָט נאָך אַמאָל געפרעגט:

— נו, וואָס זשע, אַלטער, זאָג דעם אמת: ווער האָט אונטערגעגראָבן?

אַקסיענאָוו האָט אַ קוק געטאָן אויף מאַקאַר סעמיאָנאָוון און געזאָגט:

— איך קאָן ניט „וואַשע בלאַגאָראָדיע". גאָט הייסט מיר ניט, און איך וועל ניט זאָגן. וואָס איר ווילט, טוט מיט מיר — אייער ברירה.

און וויפיל דער אויפזעער האָט ניט געטענהט מיט אים, האָט אים גאָרנישט ניט געהאָלפן. אַזוי טאַקע האָט מען זיך ניט דערוווסט, ווער עס האָט געגראָבן.

און ביינאַכט, ווי נאָר אַקסיענאָוו איז אַנדרימלט געוואָרן אויף זיין ברעט־געלעגער, האָט ער פּלוצים דערהערט, ווי עמי־צער איז צוגעגאַנגען צו אים און געזעצט זיך ביי אים צופוסנס. האָט ער זיך איינגעקוקט אין דער פינסטערניש און האָט דער־קענט מאַקאַר סעמיאָנאָוון. אַקסיענאָוו האָט געזאָגט:

— וואָס ווילסטו נאָך האָבן פון מיר? וואָס טוסטו דאָ?

אָבער מאַקאַר סעמיאָנאָוו האָט געשוויגן. האָט אַקסיענאָוו זיך אויפגעהויבן און געזאָגט:

— וואָס ווילסטו? גיי אַוועק! אַניט רוף איך דעם זעלנער.

מאַקאַר סעמיאָנאָוו האָט זיך נאָענט אָנגעבויגן צו אַקסיע־נאָוון און שטיל געזאָגט:

— זיי מיר מוחל, איוואַן דמיטריטש!

האָט אַקסיענאָוו געפרעגט:

— וואָס דאַרף איך דיר עפּעס מוחל זיין?

— איך האָב דאָך דעם סוחר געהרגעט און דיר דעם מעסערל אונטערגעוואָרפן. איך האָב דיך אויך געוואָלט הרגע־נען, אָבער פון דרויסן האָט זיך פּלוצים עפּעס אַ רעש דער־הערט; האָב איך אַריינגערוקט דאָס מעסערל צו דיר אין זאַק אַריין און אַליין בין איך אַרויסגעקראָכן דורכן פענסטער.

אַקסיענאָוו האָט געשוויגן און ניט געוווסט, וואָס צו זאָגן.

פּלוצים איז מאַקאַר סעמיאָנאָוו אַראָפּגעקראָכן פון ברעט, זיך אַ נויג געטאָן ביז צו דער ערד און געזאָגט:

— זיי מיר מוחל, איוואַן דמיטריטש, אין גאָטס ווילן זיי מיר מוחל. איך וועל זיך מודה זיין, אַז איך בין דער מער־דער, וועט מען דיך אַרויסלאָזן און דו וועסט פאָרן אַהיים.

אַקסיענאָוו האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— דיר איז גרינג צו ריידן, אָבער וואָס זאָל איך זאָגן! וווהין וועל איך איצטער גיין?... די ווייב איז געשטאָרבן, די קינדער האָבן מיך פאַרגעסן; איך האָב ניט וווהין צו גיין...

אָבער מאַקאַר סעמיאָנאָוו האָט זיך ניט אויסגעגלייכט, ער האָט זיך געשלאָגן מיט דעם קאָפּ אָן דער ערד און גערעדט:

— זיי מיר מוחל, איוואַן דמיטריטש! ווען מען האָט מיך מיטן בייטש געשמיסן איז מיר גרינגער געווען, איידער איצט צו קוקן אויף דיר... און דו האָסט נאָך אויף מיר רחמנות גע־קראָגן — נישט אַרויסגעגעבן מיך. זיי מיר מוחל, ווי גאָט איז דיר ליב, זיי מיר, דעם פאַרשאָלטענעם מערדער, מוחל! — און ער האָט זיך צעוויינט.

און ווי נאָר אַקסיענאָוו האָט דערהערט יענעמס געוויין, האָט ער זיך אַליין אויך צעוויינט און האָט זיך אָנגערופן:

— גאָט וועט שוין דיר מוחל זיין; איך בין נאָך, אפשר, הונדערט מאָל ערגער פון דיר!

און פּלוצים איז אים געוואָרן זייער גרינג אויפן האַרצן. ער האָט אויפגעהערט צו בענקען אַהיים, און ערגעץ ניט גע־וואָלט גיין פון דער תּפיסה, און נאָר געוואַרט אויף זיין לעצ־טער שעה.

מאַקאַר סעמיאָנאָוו האָט ניט געפאָלגט אַקסיענאָוון און האָט זיך מודה געווען. אָבער ווען פאַר אַקסיענאָוון איז אַרויס די ערלויבעניש אומצוקערן זיך אַהיים, איז ער שוין געווען אויף יענער וועלט.

## דער קאַווקאַזער געפאַנגענער.

### I

איינער אַ פּריץ האָט געדינט אויף קאַווקאַז אין מיליטער אַלס אָפיציר. גערופן האָט מען אים זשילין.

איינמאָל באַקומט ער אַ בריוו פון דער היים. שרייבט צו אים זיין אַלטע מאַמע: „איך בין שוין שטאַרק אַלט, און פאַרן טויט וויל איך נאָך מיט מיין ליבן זון זיך זען. קום צופאָרן געזעגענען זיך מיט מיר, מיך צו קבורה ברענגען און שפּעטער וועסטו זיך פאָרן, אם ירצה השם, צוריק אויף דער דינסט. איך האָב פאַר דיר אַ כלה אויסגעזוכט: אַ קלוגע, אַ ווילע, מיט נדן. טאָמער וועט זי דיר געפעלן ווערן, וועסטו, אפשר, חתונה האָבן און שוין אײַנגאַנצן בלייבן דאָ".

האָט זיך זשילין מישב געווען. באמת: די אַלטע איז שוין זייער שוואַך; קאָן זיין, עס וועט שוין מער ניט אויסקומען זיך זען מיט איר. דאַרף מען פאָרן, און אויב די כלה איז אַ ווילע— קאָן מען חתונה האָבן אויך.

איז ער אַוועק צו די העכערע פון זיך, אויסגעאַרבעט אַן אורלויב, זיך געזעגנט מיט די חברים, געשטעלט פאַר זיינע זעלנער פיר עמער בראַנפן און גענומען זיך גרייטן אין וועג אַריין.

אויף קאַווקאַז איז דעמאָלסט געווען אַ מלחמה, און סיי בייטאָג, סיי ביינאַכט איז מען אין וועג נישט געווען זיכער מיטן לעבן. ווי נאָר עמיצער פון די רוסישע פלעגט זיך באַווייזן אַ ביסל ווייטער פון דער פעסטונג, האָבן אים די טאָטערן אָדער געהרגעט, אָדער אין די בערג אַוועקגעשלעפט. דעריבער האָט מען אײַנגעאָרדנט, אַז צוויי מאָל אין אַ וואָך זאָל גיין פון איין פעסטונג אין דער אַנדערער אַ זעלנער=וואַך. פון פאָרנט און פון הינטן זיינען געגאַנגען זעלנער און אין מיטן איז געפאָרן דער עולם.

די מעשה איז געווען זומער. האָבן זיך באַגינען אונטער דער פעסטונג צונויפגעקליבן די פורן, אַרויסגעגאַנגען די זעלנער=באַגלייטער, און מען האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין. זשילין איז געפאָרן רייטנדיק, און זיין וואָגן מיט די זאַכן איז געגאַנגען צווישן די פורן.

פאָרן האָט מען באַדאַרפט אַ ווערסט 25. די פורן זיינען געגאַנגען לאַנגזאַם; דאָס שטעלן זיך אָפּ די זעלנער, דאָס שפּרינגט ביי אַ פור אַן אַקס אַראָפּ, אָדער אַ פערד שטעלט זיך אָפּ—שטייען אַלע, וואַרטן צו.

די זון האָט שוין געהאַלטן אין מיטן הימל און נאָך נידע=

ריקער, אָבער די פורן זיינען ערשט אַ האַלבן וועג דורכגעגאַנ־
גען. אַ שטויב, אַ היץ, די זון האַלט אין איין באַקן, און באַ־
האַלטן זיך פון איר איז ניטאָ וווּ. אַ נאַקעטע סטעפּ: נישט קיין
בוים, נישט קיין בוימל אויפן וועג.

זשילין איז אַרויסגעפאָרן פאָרויס, זיך אָפּגעשטעלט און
וואַרט, ביז די פורן וועלן אים דעריאָגן. הערט ער, פון אונטן
האָט מען אַ שפּיל געטאָן אויפן פייפל, דאָס הייסט, אַז מען
וועט זיך ווייטער אָפּשטעלן.

האָט זיך זשילין אַ טראַכט געטאָן: „טאָמער וואָלט איך
גאָר אַליין אַוועקגעפאָרן? אַ פערד האָב איך אַ גוטן, — אויב
איך וועל אָנטרעפן אויף די טאָטערן, וועל איך אויך קאָנען פון
זיי אַנטלויפן. און אפשר איז ניט כדאי?"

שטייט ער און לייגט זיך איבער. און דאַן פאָרט צו אים
צו אַן אַנ־ער אָפיציר אויף אַ פערד, קאָסטילין האָט ער גע־
הייסן, מיט אַ ביקס אין דער האַנט, און זאָגט:

— קום, זשילין, לאָמיר זיך לאָזן פאָרן אַליין. קיין כוחות
ניטאָ, איך בין הונגעריק, און דערצו נאָך די היץ. די העמד איז
אויף מיר נאַס, כאָטש נעם, דריי זי אויס.

און קאָסטילין — אַ שווערער דיקער מאַן, איז אינגאַנצן
רויט, און דער שווייס ממש ער גיסט זיך פון אים. האָט זשי־
לין אַ טראַכט געטאָן און פרעגט:

— און די ביקס איז אָנגעלאָדן?

— אָנגעלאָדן.

— טאָ קום פאָרן. נאָר איין תנאי — נישט פונאַנדערצו־
פאָרן זיך.

זיינען זיי אַוועקגעפאָרן פאָרויס מיטן וועג. פאָרן זיי איבער
דער סטעפּ, שמועסן צווישן זיך און קוקן זיך אַרום אין אַלע
זייטן. מען זעט ווייט פאָרויס.

אָבער ווען די סטעפּ האָט זיך געענדיקט, און דער וועג
איז אַריין צווישן צוויי בערג אין אַ באַרג־שפּאַלט, האָט זשילין
געזאָגט:

— מען דאַרף זיך אויפהייבן אויפן באַרג זען, וואָס עס
טוט זיך. דאָ קאָנען זיי אונז באַפאַלן, איידער מיר וועלן זיך
אַפילו אַרומקוקן.

און קאָסטילין זאָגט:

— וואָס איז דאָ פאַראַן צו קוקן? לאָמיר פאָרן ווייטער.

אָבער זשילין האָט אים ניט געפאָלגט.

— ניין, — זאָגט ער, — דו וואַרט צו אונטן, איך וועל פאָרט אַ קוק טאָן.

און ער האָט געלאָזט זיין פערד לינקס, באַרג אַרויף. דאָס פערד זשילינס איז געווען אַ יעגערשער (ער האָט באַצאָלט פאַר אים הונדערט רובל, בשעת יענער איז נאָך אַ קליין לאָשאַקל געווען און אַליין אים אויסגעלערנט רייטן), האָט דאָס פערד, ווי אויף פליגלען, אים אַרויפגעטראָגן אויפן שפיץ באַרג. אַרויפגעשפרונגען, — זעט ער, גלייך אַנטקעגן אים, מיט עטלעכע קלאַפטער ווייטער, שטייען טאָטערן אויף פערד, אַ מאַן דרייסיק. בליץ שנעל האָט ער גענומען פאַרקערעווען, אָבער די טאָטערן האָבן אים דערזען, זיך אַ לאָז געטאָן צו אים, און אין מיטן לויף גענומען אָנשטעלן אויף אים זייערע ביקסן. האָט זשילין אַ יאָג געטאָן זיין פערד פייל אויסן בויגן אַראָפּ, — פליט און שרייט צו קאָסטילינען:

— נעם אַראָפּ די ביקס! — און אַליין טראַכט ער צום פערד: „האַרציקער, ראַטעווע אַרויס, פאַרטשעפּע זיך ניט מיטן פוס; גליטששטו זיך אויס, בין איך אַ פאַרפאַלענער. לאָמיר נאָר צוקומען ביז צו דער ביקס, וועל איך זיך שוין זיי ניט געבן אין די הענט אַריין".

אָבער קאָסטילין, ווי נאָר ער האָט דערזען די טאָטערן, האָט אַ טרייב געטאָן זיין פערד, גענומען שמייסן אים מיטן בייטש פון איין זייט און פון דער אַנדערער זייט — אַ לאָז געטאָן זיך צו דער פעסטונג צו, און דורך דעם שטויב זעט מען נאָר אַרויס, ווי דאָס פערד דרייט מיטן וויידל. זעט זשילין — עס האַלט שמאָל. די ביקס איז אַוועקגעפאָרן און מיט איין שווערד וועט ער גאָרניט אויפטאָן.

ער האָט געוועט געלאָזט זיין פערד צו די זעלנער צו — געמיינט אַנטלויפן. זעט ער — זעקס טאָטערן שניידן אים איבער דעם וועג. זיין פערד איז אַ גוטער, אָבער יענע פערד זיינען נאָך בעסערע, און זיי פליען, פאַרלויפן אים דעם וועג. האָט ער גענומען אָפּשטעלן זיין פערד, געוואָלט זיך ווייטער אויף צוריק אויסדרייען, האָט זיך אָבער זיין פערד צעלאָזט — מען קאָן

אים בשום אופן ניט איינהאַלטן, פליט גלייך אויף זיי, און דאָ דערנענטערט זיך שוין צו אים אַ גרויער פערד און אויפן פערד זיצט אַ טאָטער מיט אַ רויטער באָרד. קווישטשעט, שטשירעט מיט די ציין, האַלט די ביקס אויף דער גרייט.

„נו, — טראַכט זיך זשילין, — איך קען אייך, רוחות: נעמט איר מיך אַ לעבעדיקן, וועט איר מיך אין אַ גרוב אַריינזעצן, מיט אַ בייטש שמייסן, אָבער איך וועל זיך ניט לאָזן קיין לע-בעדיקער...“

און זשילין, הגם ניט קיין וווקסיקער, איז געווען זייער אַ געשיקטער. האָט ער אַרויסגעכאַפּט זיין שווערד, געלאָזט זיין פערד גלייך אויפן רויטן טאָטער און טראַכט בשעת מעשה: אָדער איך וועל אים צעקוועטשן מיטן פערד, אָדער אַראָפּהאַקן מיטן שווערד“.

אָבער זשילינס פערד איז אויפן אָרט ניט אָנגעקומען — אַ קויל פון די טאָטערשע ביקסן האָט אים געטראָפן. מיט זיין גאַנצער גרייס איז דאָס פערד אַ פאַל געטאָן אויף דער ערד און צוגעקוועטשט זשילינען זיין פוס.

זשילין האָט זיך געוואָלט אויפהייבן, אָבער אויף אים זיי-נען שוין געזעסן צוויי שטינקענדיקע טאָטערן און אים געדרייט די הענט אויף אונטן. ער האָט זיך אַ ריס געטאָן, אַראָפּגע-וואָרפן פון זיך די טאָטערן — אָבער דריי אַנדערע זיינען אַראָפּ-געשפרונגען פון די פערד, אַ וואָרף געטאָן זיך צו אים און גע-נומען אים שלאָגן מיט די קאָלבעס פון די ביקסן איבערן קאָפּ. איז אים פינסטער געוואָרן אין די אויגן און ער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן. און די טאָטערן האָבן אים אונטערגעכאַפּט, אַראָפּ-גענומען פון די זאָטלען די צווייטע פּאָר רימענס, פאַרדרייט אים אויף דער פלייצע די הענט, מיט אַ טאָטערשן קנופּ פאַר-בונדן און צוגעשלעפּט אים צום זאָטל. זיין היטל האָבן זיי פון אים אַראָפּגעשלאָגן, די שטיוול — אַראָפּגעשלעפּט, דאָס געלט און דעם זייגער צוגענומען און דעם בגד צעריסן. האָט זיך זשילין אומגעקוקט אויף זיין פערד. און ער, דער האָרציקער, ווי ער איז געפאַלן אויף אַ זייט, אַזוי איז ער געבליבן ליגן. ליגט, שלאָגט מיט די פיס — קאָן נישט צו דער ערד דערלאַנ-גען; אין קאָפּ איז ביי אים אַ לאָך, און פון דער לאָך שפּריצט שוואַרץ בלוט אַרויס — דער שטויב איז אַרום און אַרום נאַס געוואָרן.

איין טאָטער איז צו צום פערד, געוואָלט דעם זאָטל אַראָפּנעמען, — און דאָס פערד וואַרפט זיך; האָט ער אַרויסגענומען אַ מעסער און איבערגעשניטן אים דעם האַלז. פון דאָרטן האָט עפּעס אַ פּייף געטאָן, דאָס פערד האָט אַ צאַפּל געטאָן און דער אָטעם איז פון אים אַרויס. האָבן די טאָטערן באַלד אַראָפּגענומען פון אים דעם זאָטל און דאָס געשפּאַנעכץ.

דער טאָטער מיט דער רויטער באָרד האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן פערד, אַנדערע האָבן אַרויפגעזעצט צו אים אויפן זאָטל זשילינען, צוגעבונדן אים מיט אַ רימען צום טאָטערס גאַרטל און אַוועקגעפירט אים אין די בערג אַריין.

זיצט זיך זשילין אונטערן טאָטער, שאָקלט זיך, שפּאַרט זיך אָן מיטן פּנים אין דער שטינקענדיקער טאָטערשער פּלייצע, און זעט פאַר זיך נאָר אָט די געזונטע פּלייצע די טאָטערשע, דעם אָדערדיקן האַלז זיינעם און דעם געגאָלטן נאַקן, וואָס לייכט אַ בלויער פון אונטערן היטל אַרויס. דער קאָפּ איז ביי אים צעקלאַפּט, דאָס בלוט אונטער די אויגן פאַרהאַרטעוועט, און ער קאָן זיך ניט אַ קער טאָן, קאָן ניט אָפּווישן דאָס בלוט. די הענט זיינען ביי אים אַזוי אויסגעדרייט, אַז די ביינער ברעכן אים.

לאַנג זיינען זיי געפאָרן פון אַ באַרג אויף אַ באַרג, אַריבער אַ טייכל, אַרויסגעפאָרן אויף אַ וועג און געלאָזט זיך פאָרן דורך אַ וועלדל.

זשילין האָט געוואָלט פאַרגעדענקען דעם וועג מיט וועלכן מען פירט אים, אָבער די אויגן זיינען ביי אים מיט בלוט פאַרשמירט און אַ דריי טאָן קאָן ער זיך ניט.

און דערווייל איז געוואָרן טונקל, זיי זיינען אַריבערגעפאָרן נאָך איין טייכל, און אָנגעהויבן צו קלעטערן אויף אַ שטיינערנעם באַרג. עס האָט אַ שמעק געטאָן מיט רויך, און עס האָט זיך דערהערט אַ געביל: זיי זיינען געקומען אין אַאול*).
די טאָטערן זיינען אַראָפּגעקראָכן פון די פערד, דאָס טאָטערשע קליינוואַרג איז זיך צונויפגעלאָפן, אַרומגערינגלט זשילינען, גענומען קווטשען, פרייען זיך און ציילן אין אים מיט שטיינער.

דער טאָטער האָט אָפּגעטריבן די חברה־לייט, אַראָפּגענומען זשילינען פון פערד און אַ רוף געטאָן דעם אַרבעטער. אין

*) אַאול — אַ טאָטערש דאָרף.

געקומען אַ נאָגאַיעץ, אַ ביינערדיקער, מיט אַ צעריסענער העמד, און נאַקעטער ברוסט. דער טאָטער האָט אים עפּעס באַפוילן, און דער אַרבעטער האָט געבראַכט צו טראָגן פיס=קלעצלעך: צוויי דעמבענע העלצלעך אויף אייזערנע רינגען אַרויפגעזעצט, און אין איינעם פון די רינגען אַ שפּעלטל מיט אַ שלאָס אינמיטן.

האָט מען זשילינען צעבונדן די הענט, אָנגעטאָן אים אויף די פיס די קלעצלעך, אַריינגעשפּאַרט אין אַ קאַמער אַריין, און פאַרשלאָסן די טיר.

זשילין איז אַ פאַל געטאָן אויפן מיסט, אַ ביסל געלעגן, שפּעטער אָנגעטאַפּט אין דער פינסטער אַ ווייכן אָרט, און האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד.

## II

כמעט אַ גאַנצע נאַכט איז זשילין ניט געשלאָפן. די נעכט זיינען געווען קורצע. זעט ער — אין שפּעלטל הייבט שוין אָן שאַריען אויף טאָג. איז ער אויפגעשטאַנען, געמאַכט גרעסער דאָס שפּאַלט און גענומען אַרויסקוקן פון דאָרטן.

דורכן שפּעלטל זעט ער אַ וועג, וואָס גייט באַרג אַראָפּ, רעכטס—אַ טאָטערש שטיבל, צוויי ביימער לעבן איר. ביים שוועל ליגט אַ שוואַרצער הונט, אַ ציג מיט ציגעלעך שפּאַצירן אַרום, דרייען מיט די ווידעלעך.—פון אונטערן באַרג גייט אַ יונגע טאָטערקע אין אַ קאָלירטער בריטער העמד, אין הויזן און אין שטיוול אָנגעטאָן. דער קאָפּ איז ביי איר מיטן ראָק באַדעקט און אויפן קאָפּ האַלט זי אַ גרויסן בלעכענעם קרוג מיט וואַסער. גייט, מאַכט מיט דער פּלייצע, בייגט זיך איבער און פירט פאַר דער האַנט אַ געגאָלטן טאָטערל אין איין העמדל. די טאָטערקע מיטן קרוג איז אַריין אין שטיבל, און פון דאָרטן איז באַלד אַרויס דער נעכטיקער טאָטער מיט דער רויטער באָרד אין אַ זיידענעם ראָק, מיט שיך אויף די באָרוויסע פיס און מיט אַ שוואַרצער הויכער שעפּסענער היטל, אויף "אונטן פאַרשאַרט. אַרויס, האָט ער זיך גענומען אויסגלייכן די ביינער און גלעטן זיך אונטער זיין רויט בערדל. אַזוי איז ער געשטאַנען אַ ביסל, שפּעטער עפּעס באַפוילן דעם אַרבעטער און איז זיך ערגעץ אַוועקגעגאַנגען.

באַלד זײַנען דורכגעפֿאָרן צום וואַסער צוויי חברה־לײַט אויף פֿערד און בײַ די פֿערד איז דער שנאָ־ך אַ נאַסער. שפּעטער האָבן זיך באַוויזן געגאָלטע שקצימלעך, אין אײנע העמדלעך נאָר, אָן הויזלעך. זיי האָבן זיך צונויפֿגעקליבן אין אַ קופּקע, צוגעגאַנגען צום קאַמער, געכאַפּט אַ שפּענדל און גענומען שפּאַרן אין שפּעלטל אַרײַן. זשילין האָט אויף זיי אַ געשריי געטאָן: האָבן זיך די ווײַסע חברהניקעס צעקוויטשעט, זיך געלאָזט לויפֿן, מען זעט נאָר — די נאַקעטע קניעלעך זייערע בלאַנקען אין לויף.

זשילינען ווילט זיך טרינקען, אין האַלדז איז בײַ אים איבערגעטריקנט, טראַכט ער זיך: וואָלט כאָטש עמיצער געקומען אים געוואָר ווערן. און באַלד הערט ער — מען עפֿנט די קאַמער, און עס קומט אַרײַן דער רויטער טאָטער נאָך מיט אַ צווייטן, און דער צווייטער איז אַ נידעריקער, אַ שוואַרצינקער, מיט שוואַרצע ליכטיקע אויגן, מיט רויטע באַקן און מיט אַ קלײן, אונטערגעשאָרן בערדל; זײַן פּנים איז אַ פֿרײלעכער, און ער האַלט אין איין לאַכן. אָנגעטאָן איז דער שוואַרצינקער נאָך בעסער פֿון דעם רויטן: דער ראָק איז בײַ אים אַ בלוי־זײַדענער מיט זילבערנע טאַשמעס אַרומגענייט, די היטל אַ הויכע, אַ ווײַס שעפּסענע, דער מעסער בײַם גאַרטל — אַ גרויסער, אַ זילבערנער. שיך טראָגט ער צוויי פּאָר: פֿון אונטן רויטע, דין־לעדערנע מיט זילבער אַרומגענייט, און פֿון אויבן אַ פּאָר גראָבע שיך.

דער רויטער טאָטער איז אַרײַן, געזאָגט עפּעס, פּונקט ווי אויסגעזידלט זיך, אָנגעשפּאַרט זיך אויף דער טיר און גענומען דרייען מיטן מעסער און וואַרפֿן אויף זשילינען בייזע וואָלפֿישע בליקן. און דער שוואַרצינקער — אַ פֿלינקער, לעבעדיקער, אינגאַנצן ווי אויף שרײַפֿעלעך — איז גלײַך צוגעגאַנגען צו זשילינען, צוגעזעצט זיך צו דער ערד — שמייכלט, פּאַטשט אים איבער דער פּלייצע, מאָלט עפּעס גיך — גיך אויף זײַן לשון, ווינקט אונטער מיט די אויגן, קנאַקט צו מיט דער צונג און גיט יעדע ווײַלע צו: „קאָראָש אורוס, קאָראָש אורוס*!"

זשילין האָט גאָרנישט פֿאַרשטאַנען און זאָגט: „טרינקען, גיט אַ ביסל וואַסער צום טרינקען".

---

*) קאָראָש אורוס (כאָראָש רוסקי) — אַ ווױלער רוס.

לאַכט דער שוואַרצער: „קאָראָש אורוס" און פלאַפלט ווייטער.

האָט זשילין באַוויזן מיט די ליפן און הענט, אַז ער וויל טרינקען.

דער שוואַרצער האָט פאַרשטאַנען, צעלאַכט זיך, אַרויסגעשטעקט דעם קאָפ און עמעצן אַ רוף געטאָן: „דינאַ"!

איז געקומען צו לויפן אַ מיידעלע—אַ דינינקע, אַ דאַרינקע, פון אַ יאָר דרייצן, מיט אַ שיין פנים, מיט ליכטיקע שוואַרצע אויגן — אינגאַנצן ענלעך אויפן שוואַרצן. זיין טאָכטער, אַפנים. אָנגעטאָן איז זי אין אַ בלויער לאַנגער העמד אָן אַ פאַס, מיט ברייטע אַרבל. די ברעגן, ברוסט און אַרבל פון דער העמד זיינען אָפגעזוימט מיט רויטן. פון אונטער דער העמד זעען זיך אַרויס הויזן און אויף די פיס טראָגט זי צוויי פאָר שיכעלעך, די אייבערשטע—מיט הויכע אָפצאַסן; אויפן האַלז הענגען קרעלן, אינגאַנצן פון רוסישע האַלברובלדיקע צונויפגעשטעלט. דער קאָפ איז ניט פאַרדעקט, אין דעם שוואַרצן צאָפ איז איינגעפלאָכטן אַ סטענגע, און אויף דער סטענגע באַמבלען זיך פאַרשיידענע בלעכלעך און אַ זילבערנער רובל.

דער פאָטער האָט איר עפעס באַפוילן, זי איז אַוועקגעלאָפן און באַלד געקומען צוריק מיט אַ בלעכענעם קרוג אין דער האַנט. זי האָט דערלאַנגט זשילינען דאָס וואַסער, צוגעזעצט זיך צו דער ערד און האָט זיך איינגעבויגן, די קני העכער פון די אַקסלען אַרויפגעהויבן. זיצט זי, די אויגן ברייט צעעפנט און קוקט זיך צו צו זשילינען, ווי צו אַ חיה, באַגלייט מיט די אויגן יעדן שלונג זיינעם.

האָט איר זשילין דערלאַנגט צוריק דעם קרוג. און זי גיט דאָס אַ שפרונג אָפ פון אים, ווי אַן אמתע ווילדע ציג. האָט זיך אַפילו דער פאָטער אירער צעלאַכט און נאָך אַמאָל זי ערגעץ אַוועקגעשיקט. זי האָט גענומען דעם קרוג, אַוועקגעלאָפן, באַלד געבראַכט צו טראָגן אויף אַ קיילעכדיקן ברעטל אַ שטיקל טרוקן ברויט און ווייטער זיך געזעצט, אויסגעבויגן זיך,—נעמט פון אים קיין אויג ניט אַראָפ, קוקט.

די טאָטערן זיינען אַוועק און די טיר ווייטער פאַרשפאַרט.

און אַ ביסל שפעטער קומט צו זשילינען דער אַרבעטער און זאָגט:

— אײדאַ, כאָזיין*), אײדאַ!

קען אויך קיין רוסיש ניט. אָבער זשילין האָט פֿאַרשטאַנען, אַז ער הייסט אים ערגעץ גיין.

איז זשילין אַוועק מיט די קלעצלעך, הינקט, קאָן קיין טראָט ניט טאָן — האַלט אין איין דרייען די פֿיס אין אַ זייט. אַזוי איז ער אַ־ויס נאָכן אַרבעטער. און אין דרויסן איז אַ טאָטערש דאָרף, אַ הייזער צען און דער קלויסטער ווייערער מיט אַ טורעמל פֿון אויבן. ביי איין שטוב שטייען דריי אָנגעזאָטלטע פֿערד, און יינגלעך האַלטן זיי צו פֿאַרן צוים. פֿון דער שטוב איז אַרויסגעשפּרונגען דער שוואַרצינקער טאָטער, — לאַכט, מאַכט מיט דער האַנט, ווייזט אַן זשילינען, ער זאָל צו אים גיין. אָפּגעזאָגט עפּעס אויף טאָטעריש און צוריק אין שטוב אַריינגעגאַנגען. זשילין איז אַריין נאָך אים. און אינווייניק איז אַ פֿיינער צימער מיט שיין אויסגעקאַלכטע ווענט. די פֿאָדערשטע וואַנט איז מיט טייערע טעפּיכער באַדעקט. פֿון אויבן הענגען אויף איר ביקסן, פּיסטאָלן און שווערדן — אַלע אין זילבער איינגעפֿאַסט, פֿון אונטן ליגן צעוואָרפֿן קאָלירטע קישעלעך. אין דער צווייטער וואַנט איז אַ קליין אויוועלע אַריינגעמאַכט, אין איין הייך מיטן בריק, און דער בריק איז אַן ערדענער אָבער אַ ריינער, ווי זילבער. דער גאַנצער פֿאָדערשטער ווינקל איז אויסגעבעט מיט וואָילאָק, אויפֿן וואָילאָק ליגן טעפּיכער, און אויף די טעפּיכער זיינען צעוואָרפֿן קישעלעך פֿון פּוך. דאָרטן זיצן עטלעכע טאָטערן: דער שוואַרצער, דער רויטער און נאָך דריי געסט. אַלע טראָגן זיי איצט נאָר צו איין פּאָר שיך, און אונטער די פּלייצעס ליגן ביי זיי אונטערגעלייגט פּוכענע קישעלעך. לעבן זיי שטייען אויף אַ קיילעכדיקן ברעטל הירזשענע בלינצעס, אַ טעפּעלע מיט צעלאָזטן פּוטער און אַ קריגל מיט טאָטערשן ביר — בוזאַ. די בלינצעס עסן זיי מיט די הענט און די הענט זיינען ביי זיי אויסגעשמירט מיט פּוטער.

דער שוואַרצער איז אויפֿגעשפּרונגען און געהייסן אַנידערזעצן זשילינען אין אַ זייט, נישט אויפֿן טעפּיך, נאָר אויפֿן הוילן בריק, און אַליין איז ער אַרויפֿגעקראָכן אויפֿן טעפּיך און גענומען ווייטער מכבד זיין די געסט מיט בלינצעס און בוזאַ. דער אַרבעטער האָט אַוועקגעזעצט זשילינען אויפֿן אָנגעוויזענעם אָרט,

*) כאָזיין (כאָזיאַין) — בעל־הבית.

אויסגעטאָן פון זיך זיין איבערשטע פאָר שיך, אַוועקגעשטעלט זיי ביי דער טיר, דאָרט, ווו אַלע שיך זיינען געשטאַנען און געזעצט זיך אויפן וואָילאָק נעענטער צו די בעלי־הבתים, — קוקט זיך צו, ווי זיי עסן און שלינגט בשעת־מעשה דאָס שפּייעכץ.

ענדלעך האָבן די טאָטערן אָפּגעגעסן. באַלד איז געקומען אַ טאָטערקע — אין אַזאַ העמד און הויזן, ווי ביי דער מיידעלע, אָבער מיט אַ פאַרדעקטן קאָפּ. זי האָט צוגענומען דעם פוטער, די בלינצעס און האָט דערלאַנגט אַ שיסל און אַ קרוג מיט אַ שמאָלן העלזל. די טאָטערן האָבן גענומען וואַשן די הענט, שפּעטער צונויפגעלייגט זיי, אַ בלאָז געטאָן אין אַלע זייטן און אָפּגעבענטשט. נאָכדעם האָבן זיי גענומען ריידן אויף טאָטעריש צווישן זיך, און באַלד האָט זיך איינער פון די געסט אויסגעדרייט צו זשילינען און אָנגערופן זיך צו אים אויף רוסיש:

— דיך, זאָגט ער, האָט גענומען קאַזי־מוהאַמעד, — און אַליין ווייזט ער אָן אויפן רויטן טאָטער, — און אָפּגעגעבן דיך אַבדול־מוראַטן, — און ווייזט אָן אויפן שוואַרצינקן. — איצט איז שוין אַבדול־מוראַט דיין בעל־הבית.

שווייגט זשילין. און אַבדול־מוראַט רעדט עפּעס, ווייזט אָן אויף זשילינען, לאַכט, גיט יעדע ווילע צו: „זעלנער אורוס, קאָראַש אורוס". זאָגט ווייטער דער איבערזעצער: „ער הייסט דיר אָנשרייבן אַהיים אַ בריוו, מען זאָל דיך אויסקויפן. ווייל נאָר ווען זיי וועלן צושיקן דאָס געלט, וועט ער דיך אָפּלאָזן".

זשילין האָט אַ טראַכט געטאָן און זאָגט:—

— און אַ סך געלט וויל ער?

די טאָטערן האָבן אַ ביסל גערעדט צווישן זיך; שפּעטער האָט זיך דער איבערזעצער אָנגערופן:

— דריי טויזנט מטבעות.

— ניין, — זאָגט זשילין, — איך קאָן דאָס ניט באַצאָלן.

און אַבדול שפּרינגט אויף, מאַכט מיט די הענט, רעדט עפּעס צו זשילינען — מיינט אַלץ, טאָמער וועט יענער פאַרשטיין. האָט דער איבערזעצער איבערגעזעצט זיינע רייד: „וויפיל זשע דען גיסטו?" זשילין האָט אַ טראַכט געטאָן און געזאָגט: „500 רובל". דאָ האָבן די טאָטערן הויך צעליאַרעמט און צעשריען זיך אַלע מיט אַמאָל. און אַבדול שרייט עפּעס אויפן רויטן, שיט אַזוי, אַז עס שפּריצט ביי אים אַזש פונעם מויל.

און דער רויטער מאַכט נאָר שמאָלע אייגעלעך און קנאַקט מיטן צונג.

ווען עס איז געוואָרן שטיל, האָט דער איבער־זעצער געזאָגט:

— דער בעל־הבית איז ניט מסכים אויף 500 רובל. ער האָט אַליין פאַר דיר 200 רובל באַצאָלט. קאַזי־מוהאַמעד איז אים דעם סכום שולדיק געווען, האָט ער דיך פאַרן חוב גענו־מען. דריי טויזנט רובל, ווייניקער וועט דאָס ניט גיין. און טאָ־מער שרייבסטו ניט אָן—זעצט מען דיך אַריין אין אַ גרוב, און מען שמייסט דיך מיט אַ בייטש.

„עך,—טראַכט זיך זשילין,—וואָס מער איך וועל פאַר זיי מורא האָבן, אַלץ ערגער וועט מיר זיין".

האָט ער זיך אַ שטעל געטאָן אויף די פיס און געזאָגט:

— און דו זאָג אים, דעם הונט, אַז אויב ער וויל מיך שרעקן, וועל איך אים קיין איין פּרוטה ניט געבן און וועל גאָר־נישט נישט שרייבן. איך האָב פאַר אייך, הינט, נישט מורא געהאַט און וועל אויף ווייטער אויך ניט מורא האָבן!

האָט זיי דער איבערזעצער איבערגעגעבן זיינע ווערטער, האָבן זיי ווייטער גענומען מאָלן אַלע מיט אַמאָל.

לאַנג געשאָטן, לסוף איז דער שוואַרצער אויפגעשפּרונגען, און איז צוגעגאַנגען צו זשילינען:

— אורוס,—זאָגט ער,—דזשיגיט, דזשיגיט אורוס!

דזשיגיט הייסט, אויף זייער לשון, „בראַוועס". און בשעת־מעשה לאַכט ער און רעדט עפּעס צום איבערזעצער. זאָגט דער איבערזעצער:

— טויזנט רובל גיב!

אָבער זשילין טרעט ניט אָפּ פון זיינס: „מער פון 500 רובל גיב איך ניט. און הרגעט איר מיך — וועט איר גאָרנישט נישט באַקומען".

האָבן די טאָטערן זיך דורכגעשמועסט, אַוועקגעשיקט ער־געץ דעם אַרבעטער און גענומען קוקן אויף זשילינען און אויף דער טיר. אין אַ ווײַלע אַרום איז געקומען דער אַרבעטער און געבראַכט צו פירן עפּעס אַ דיקן מענטשן, אַ באָרוויסן, אַן אַרומ־געריסענעם, אויך מיט קלעצלעך אויף די פיס.

זשילין האָט אַ קוק געטאָן אויף אים און אַזש אַ געשריי געטאָן—ער האָט דערקענט קאָסטילינען. אים אויך, הייסט דאָס,

געכאַפּט. האָט מען אים אָװעקגעזעצט לעבן זשילינען — און זײ האָבן גענומען אײנער פאַרן אַנדערן אױסגיסן דאָס האַרץ. און די טאַטערן שװײגן, קוקן זיך צו צו זײ. זשילין האָט דערצײלט, װי די מעשה איז מיט אים געװען; און קאָסטילין האָט דערצײלט, אַז זײן פערד איז צוגעשטאַנען, די ביקס האָט ניט אױסגעשאָסן און דער שװאַרצער, אַבדול, האָט אים דעריאָגט און געפאַנגען.

געװערט, פּלוצים שפּרינגט אױף אַבדול, װײזט אָן אױף קאָסטילינען און זאָגט עפּעס. האָט דער איבערזעצער איבערגעזעצט, אַז זײ געהערן איצט צו אײן בעל-הבית און װער פון זײ װעט פריער געבן געלט, דעם װעט מען פריער אַרױסלאָזן.

— אָט, — זאָגט ער צו זשילינען, — דו בײזערסט זיך אַלץ, און דײן חבר איז אַ רואיקער. ער האָט אָנגעשריבן אַהײם, מען זאָל אים פינף טױזנט מטבעות צושיקן. װעט מען אים טאַקע געבן גוט עסן, װעט מען אים טאַקע קײן שום שלעכטס ניט טאָן.

און זשילין זאָגט:

— דער חבר מעג טאָן, װי ער פאַרשטײט: אפשר פאַרמאָגט ער עס, אָבער איך בין נישט בכּוח. איך, — זאָגט ער, — האָב מײנס געזאָגט און בײ דעם װעט דאָס בלײבן. װילט איר — הרגעט מיך, קײן גרױס נוץ װעט איר פון דעם סײ װי ניט האָבן. מער פון 500 רובל גיב איך ניט און אַן עק.

האָבן זײ געשװיגן אַ ביסל. פּלוצים איז אַבדול אױפגעשפּרונגען, אַרױסגעבאַקומען אַ קעסטעלע, און אַרױסגענומען פון דאָרטן אַ הענטל-פען, טינט און פּאַפּיר. רוקט דאָס אַלץ זשילינען אין די הענט אַרײן, פּאַטשט אים אין דער פּלײצע, װײזט אָן „שרײב". מסכּים געװען, הײסט דאָס, אױף 500 רובל.

— װאַרט צו אַ ביסל, — זאָגט זשילין צום איבערזעצער, — זאָג אים, ער זאָל אונז געבן גוט עסן, אָנטועכץ, שיך, אַלץ, װי עס דאַרף צו זײן, ער זאָל אונז האַלטן צוזאַמען, כּדי עס זאָל אונז זײן הײמלעכער, און די קלעצלעך פון די פיס זאָל ער אַראָפּנעמען. — און בשעת-מעשה קוקט ער אױפן בעל-הבית און לאַכט. לאַכט דער בעל-הבית אױך. אױסגעהערט, האָט ער זיך אָנגערופן:

— אָנטועכץ װעל איך זײ פון דאָס בעסטע געבן: אײ-

בערשטעס, שטיוול, כאָטש גלייך אונטער דער חופּה צו גיין. עסן וועל איך פֿאַר זיי געבן, ווי פֿאַר פֿירשטן. און אויב זיי ווילן לעבן צוזאַמען, געזונטערהייט. אָבער די קלעצלעך אַראָפּנעמען טאָר מען ניט,—זיי וועלן נאָך אַנטלויפֿן. אויף נאַכט סיידן, דאָס יאָ—און אַליין איז ער צוגעשפּרונגען, פּאַטשט איבער דער פּלייצע:—דיינער גוטער, מיינער גוטער!

זשילין האָט אָנגעשריבן די בריוו, אָבער אָנגעגעבן אַ פֿאַלשן אַדרעס, כּדי עס זאָל ניט אָנקומען. און אַליין טראַכט ער: „איך וועל אַזוי אויך אַוועקגיין".

האָט מען אַוועקגעפֿירט זשילינען און קאָסטילינען צוריק אין קאַמער, געבראַכט זיי היי, אַ קרוג וואַסער, צוויי אַלטע מאַנטלען און אָפּגעטראָגענע זעלנערישע שטיוול, וואָס מען האָט זיי פֿון טויטע זעלנער, אַפּנים, אַראָפּגעשלעפּט. און ווען עס איז געקומען די נאַכט, האָט מען פֿון זיי אַראָפּגענומען די קלעצלעך און פֿאַרשפּאַרט זיי אין קאַמער.

## III

אַזוי איז ביי זשילינען מיט זיין חבר אַוועק אַ גאַנצער חודש. דער בעל=הבית לאַכט אַלץ: „דיינער, איוואַן, גוטער,—מיינער, אַבדול, גוטער". אָבער קעסט האָט ער זיי געגעבן שלעכטע—נאָר טרוקענעם ברויט פֿון הירזשענעם מעל, געבאַקט אין פּלעצלעך. און אַמאָל אַפֿילו רויע טייג אויך.

קאָסטילין האָט נאָך אַמאָל אָנגעשריבן אַהיים, געהאַלטן אין איין וואַרטן אויף די געלט און געלאַנגווייליגט זיך. גאַנצענע טעג איז ער געזעסן אין קאַמער, געציילט די טעג, אָדער געשלאָפֿן. און זשילין ווייסט, אַז זיין בריוו וועט ניט אָנקומען, און קיין אַנדערן האָט ער ניט אָנגעשריבן.

„פֿון וואַנען,—טראַכט ער,—זאָל די מאַמע נעמען אַזוי פֿיל געלט פֿאַר מיר צו באַצאָלן. זי האָט אַזוי אויך מער פֿון דעם געלעבט, וואָס איך האָב איר צוגעשיקט. כּדי זי זאָל צונויפֿקלייבן 500 רובל, דאַרף זי דאָך פֿון זיך גאָר אַ תּל מאַכן. גאָט וועט העלפֿן—איך וועל אַזוי אויך אַרויס".

און אַליין קוקט ער אַלץ אויס, טאַפּט אַרום, ווי אַזוי צו אַנטלויפֿן.

גייט ער אַרום איבערן אַול, פֿייפֿט זיך אונטער, אָדער

גיט זיך אָפּ מיט האַנט־אַרבעט, קלעפּט אויס טאָקן פון לײם און פלעכט אױס קערבעלעך פון ריטלעך. זשילין איז אויף האַנט־אַרבעט אַ גרויסער בריה געווען.

איינמאָל האָט ער אויסגעקלעפּט אַ טאָקע, מיט אַ נאָז, מיט הענט, מיט פיס, אָנגעטאָן אויף איר אַ טאַטערש העמד און אַוועקגעשטעלט זי אויפן דאַך. די טאָטערקעס זיינען גראָד געגאַנגען נאָך וואַסער. דעם בעל־הביתס טאָכטער, דינאַ, האָט דערזען די טאָקע און האָט באַלד צונויפגערופן די איבעריקע טאָטערקעס. האָבן זיי אַוועקגעשטעלט די קרוגן,—קוקן און לאַכן שטאַרק. האָט זשילין אַראָפּגענומען די טאָקע און האָט זי זיי געגעבן.

לאַכן זיי, וואַגן ניט נעמען. האָט ער איבערגעלאָזט די טאָקע, אַליין אַוועק אין קאַמער און קוקט: וואָס וועט דאָ זיין?

איז צוגעלאָפן דינאַ, אַרומגעקוקט זיך אין אַלע זייטן, געכאַפּט די טאָקע און איז אַוועקגעלאָפן.

אויף מאָרגן זעט ער, איז דינאַ באַגינען אַרויס מיט דער טאָקע אויף דער שוועל, און די טאָקע איז שוין מיט רויטע שמאַטקעס פאַרפּוצט. און דינאַ וויגט זי און זינגט איר צו עפּעס אַ וויג־לידל. נאָר דאָ איז פון שטוב אַרויס אַן אַלטע, צעשריען זיך אויף דינען, אַרויסגעכאַפּט די טאָקע, צעבראָכן איר און ערגעץ אַוועקגעשיקט דינען אויף אַרבעט.

האָט זשילין געמאַכט אַן אַנדער טאָקע, נאָך אַ שענערע און געגעבן זי דינען. ברענגט איינמאָל דינאַ דעם קרוג, שטעלט אים אַוועק, זעצט זיך, קוקט אויף זשילינען און אַליין לאַכט זי, ווייזט אָן אויפן קרוג.

— וואָס פרייט זי זיך עפּעס אַזוי?—טראַכט זשילין, נעמט דעם קרוג און הייבט אָן צו טרינקען. און אין קרוג איז אָנ־שטאָט וואַסער — מילך. האָט ער אויסגעטרונקען דאָס מילך, „גוט!" זאָגט ער. און דינאַ דערפרייט זיך נאָך שטאַרקער.

— גוט, איוואַן, גוט! — אויפגעשפּרונגען, פּאַטשט אין די הענטלעך. באַלד האָט זי אַרויסגעריסן דעם קרוג און איז אַנטלאָפן.

פון יענעם מאָל אָן האָט זי אים גענומען בגנבה יעדן טאָג טראָגן מילך. אַמאָל טרעפט זיך, די טאָטערן פאַרקנעטן אויף ציגן־מילך קעז־קיכלעך און טריקענען זיי אויף די דעכער,

ברענגט זי אים שטילערהייט אַ פּאָר קיכלעך אויך. און ווען דער בעל־הבית האָט געקוילעט אַ שעפּס, האָט זי אים אַפילו אַ שטיק שעפּסן־פלייש געבראַכט צו טראָגן אין אַרבל. גיט אַ וואָרף און לויפט אַוועק.

איינמאָל איז געווען אַ גרויסער שטורם. אַ גאַנצע שעה האָט געגאָסן אַ שלאַקס רעגן, און די וואַסערן פון אַלע טייכלעך זיינען געוואָרן אומריין. אין די ערטער, וו מען האָט פריער געקאָנט אַריבערגיין צופוס, איז די וואַסער געוואָרן דריי אַרשין די טיף און האָט געברויזט און געשליידערט שטיינער. פון אַלע זייטן האָבן גערונען וואַסערלעך און אין די בערג אַרום האָט געהילכט. און ווען דער שטורם איז אַדורך, זיינען איבערן גאַנצן דאָרף געלאָסן ריטשקעלעך. זשילין האָט געבעטן ביים בעל־הבית אַ מעסערל, אויסגעשניטן אַ קאַטשאַלקע, ברעטלעך, אויסגעשניצט אַ ראָד, און צו דעם ראָד פון ביידע עקן האָט ער צוגעמאַכט צוויי טאָקן.

די מיידלעך האָבן אים געבראַכט צו טראָגן שמאַטקעס; האָט ער אויסגעפּוצט די טאָקן: איינע פּאַר אַ מאַן, די צווייטע פּאַר אַ פרוי. שפּעטער האָט ער דאָס שפּילכנדל אַוועקגעשטעלט אויף אַ וואַסערל: דרייט זיך די ראָד און די טאָקן שפּרינגען.

דער גאַנצער דאָרף האָט זיך דאַמאָלסט פאַרזאַמלט: יינגלעך, מיידלעך, ווייבער און מענער, און אַלע קנאַקן מיטן צונג:

— אַי, זורוס! אַי, איוואַן!

אַבדול האָט געהאַט אַ צעבראָכענעם רוסישן זייגער. רופט ער איינמאָל זשילינען, ווייזט אים דעם זייגער און קנאַקט מיטן צונג. זאָגט זשילין:

— גיב, איך וועל פאַרריכטן.

זשילין האָט צענומען דעם זייגער מיטן מעסערל, צורעכט געמאַכט און אָפּגעגעבן אים דעם בעל־הבית. און דער זייגער גייט.

דער בעל־הבית האָט זיך שטאַרק דערפרייט, געבראַכט אַן אַלטן בגד זיינעם, אינגאַנצן אַ צעריסענעם און אַוועקגעשענקט אים זשילינען. אַ ברירה האָט זשילין געהאַט — האָט ער גענומען. גוט כאָטש דאָס — וועט זיין מיט וואָס זיך צודעקן ביינאַכט.

פון יענעם מאָל איז אַוועק אַ שם אויף זשילינען, אַז ער איז אַ מייסטער. האָט מען גענומען קומען צו אים פון ווייטע

דערפֿער — ווער עס ברענגט אַ שלאָס פֿון אַ ביקס, ווער אַ פּיסטאָל, ווער אַ זייגער צו פֿאַרריכטן און דער בעל־הבית האָט אים געבראַכט מכשירים: אַפּצווענגלעך, עקבערלעך און אַ זעגעלע. איינמאָל איז אַ טאָטער קראַנק געוואָרן, איז מען געקומען צו זשילינען: „גיי, הייל אויס", און זשילין האָט קיין אַנונג ניט ווי צו היילן. אָבער ער איז געגאַנגען, אַ קוק געטאָן, און טראַכט זיך דערביי: „אפֿשר וועט ער אַליין געזונט ווערן". און ער איז אַוועק אין קאַמער און צונויפֿגעמישט דאָרט אַ געטראַנק פֿון וואַסער מיט זאַמד. שפּעטער איז ער געקומען צוריק צו די טאָטערן, געזאָגט עפּעס אַ שפּרוך און איינגעגעבן דעם קראַנקן טאָטער דעם געטראַנק. אויף זיין גליק איז דער טאָטער געזונט געוואָרן.

זשילין האָט שוין צו ביסלעך אָנגעהויבן צו פֿאַרשטיין זייער לשון, איניקע טאָטערן זיינען צו אים צוגעוווינט געוואָרן, רופֿן אים, ווען זיי דאַרפֿן: איוואַן, איוואַן, אָבער אַנדערע קוקן נאָך אַלץ בייז אויף אים, ווי אויף אַ חיה.

דער רויטער טאָטער האָט ניט ליב געהאַט זשילינען. ווי נאָר ער דערזעט אים, ברוגזט ער זיך אָן, קערעוועט זיך אָפּ פֿון אים, אָדער זידלט אים אויס. און נאָך איין אַלטער האָט אים ניט ליב געהאַט. דער אַלטער האָט געוווינט ניט אין אַאול, נאָר אונטערן באַרג. זשילין פֿלעגט אים זען אויפֿן וועג אין מעטשעט*). ער איז געווען אַ קליין ווקסיקער, און אויפֿן היטל האָט ער געטראָגן אַרומגעוויקלט אַ האַנטוך. די באָרד און וואָנסעס זיינען ביי אים געווען אונטערגעשוירן און וויים ווי פּוך, און דער פּנים איינגעשרומפּן און רויט ווי ציגל; די נאָז אויסגעבויגן ווי ביי אַ שפּאַרבער, די אויגן גרויע, בייזע, און פֿון אַלע ציין זיינען ביי אים געבליבן נאָר צוויי עקציינער. שפּאַנט אַרום אין זיין טשאַלמע, שפּאַרט זיך אָן אויף אַ שטעקן און קוקט זיך אום, ווי אַ וואָלף. ווי נאָר ער דערזעט זשילינען, בראָפּעט ער אַזש און קערעוועט זיך אָפּ.

איינמאָל האָט זיך זשילין געלאָזט באַרג אַראָפּ — אַ קוק צו טאָן, וו דער אַלטער וווינט. אַראָפּ מיט אַ שטעגל, זעט ער — אַ גאָרטן מיט אַ שטיינערנעם פּאַרקן אַרום; פֿון יענער זייט פּאַרקן וואַקסן ווינשל־ביימער, פֿערשקעס און עס שטייט אַ

*) מעטשעט — אַ טאָטערשער קלויסטער.

הייזל מיט אַ פלאַכן דאַך. זשילין איז צוגעגאַנגען נעענטער, זעט ער—עס שטייען בינשטאָקן, געפלאָכטענע פון שטרוי, בינען פליען אַרום, הודען און דער אַלטער שטייט אויף די קניעלעך, פאָרעט זיך ביי אַ בינשטאָק. זשילין האָט זיך אַ הייב געטאָן העכער, געוואָלט אַ קוק טאָן, אָבער אומגערן אַ קלאַפּ געטאָן מיט די קלעצלעך. דער אַלטער האָט זיך אויסגעדרייט און האָט זיך שטאַרק צעקווּטשעט, באַלד האָט ער אַרויסגעכאַפּט פון אונטערן גאַרטל אַ פּיסטאָל און אויסגעשאָסן אין זשילינען. קוים, וואָס יענער האָט באַוויזן צו באַהאַלטן זיך אונטער אַ שטיין. און באַלד איז דער אַלטער געקומען צום בעל=הבית זיך קלאָגן. דער בעל=הבית האָט אַ רוף געטאָן זשילינען, לאַכט צו אים און פרעגט:

—וואָס ביסטו עפּעס געגאַנגען צום אַלטן?

—איך, זאָגט זשילין, האָב אים קיין שלעכטס ניט געטאָן. איך האָב נאָר געוואָלט אַ קוק טאָן, ווי ער לעבט.

האָט דער בעל=הבית איבערגעגעבן דעם אַלטן זיין ענטפער.

און דער אַלטער בייזערט זיך, צישט, רעדט עפּעס, שטעלט זיינע עקציינער אַרויס, מאַכט מיט די הענט אויף זשילינען.

נישט אַלע ווערטער זיינען פאַר זשילינען געווען קלאָר, אָבער פאַרשטאַנען האָט ער, אַז דער אַלטער רעדט איין דעם בעל=הבית צו הרגענען די רוסישע, און נישט צו האַלטן זיי אין אַאול. און ווען דער אַלטער איז אַוועק, האָט זשילין גענומען פרעגן ביים בעל=הבית אויפן אַלטן, וואָס איז ער פאַר אַ מענטש. זאָגט דער בעל=הבית:

— ער איז אַ גרויסער מענטש! ער איז דער ערשטער דושיגיט געווען, ער האָט אַ סך רוסישע אומגעבראַכט, אַ רייכער געווען. ער האָט געהאַט דריי ווייבער און 8 זין. אַלע האָבן אין איין דאָרף געלעבט. זיינען געקומען די רוסישע, דעם דאָרף חרוב געמאַכט און זיבן זין געהרגעט. איין זון נאָר איז געבליבן, האָט ער זיך איבערגעגעבן צו די רוסישע. איז דער אַלטער אַוועקגעפאָרן פון דער היים און האָט זיך אַליין אויך איבערגעגעבן צו די רוסישע. אָפּגעלעבט ביי זיי דריי חדשים, האָט ער געפונען דאָרטן זיין זון, אים געהרגעט און איז אַנטלאָפן פון דאָרטן. פון יענער צייט אָן האָט ער אויפגעהערט

מלחמה צו האַלטן, אַוועק אין דער שטאָט מעקאַ — פאַר גאָט
מתפלל צו זיין. דערפאַר טראָגט ער טאַקע איצט די טשאַלמע.
ווער עס איז געווען אין מעקאַ, דער הייסט כאַדזשי און טראָגט אַ
טשאַלמע. ער האָט שטאַרק פיינט אייער עולם. ער הייסט דיך הרגענען:
אָבער איך טאָר דיך ניט הרגענען, — איך האָב פאַר דיר באַ=
צאָלט; און אַחוץ דעם, האָב איך דיך, איוואַן, ליב געקראָגן.
ווען ניט מיין וואָרט, וואָס איך האָב דיר געגעבן, וואָלט איך
דיך אינגאַנצן ניט אַרויסגעלאָזט, ווער רעדט שוין פון הרגענען.

און דערביי לאַכט ער, גיט צו אויף רוסיש: „דיינער, אי=
וואַן, גוטער, — מיינער, אַבדול, גוטער!"

IV

אַזוי איז אַוועק נאָך אַ חודש. בייטאָג שפּאַצירט זשיליִן
אַרום איבערן אַאול אָדער פאַרנעמט זיך מיט האַנט=אַרבעט,
און ווען עס קומט די נאַכט און אין אַאול ווערט שטיל, גראָבט
ער אין קאַמער די ערד. די שטיינער האָבן געשטערט צו גראָבן,
האָט ער זיי געריבן מיטן זעגעלע, און אויסגעגראָבן אויף אַזאַ
אופן אונטערן וואַנט אַ לאָך, פונקט אויף דורכצוקריכן. „איך
זאָל נאָר קאָנען, טראַכט ער זיך, גוט מיטן אָרט זיך באַקאָנען,
אין וועלכער זייט איך דאַרף גיין. אָבער קיינער פון די טאָ=
טערן וועט ניט אויסזאָגן".

האָט ער אויסגעקליבן אַ צייט, ווען דער בעל=הבית איז
אַוועקגעפאָרן, און איז אַוועק נאָך מיטאָג אויסער דעם אַאול,
אויפן באַרג,—און דער בעל=הבית האָט געהייסן דעם קליינעם
נאָכגיין נאָך זשילינען, קיין אויג פון אים נישט אַראָפּנעמען.
לויפט דער קליינער זשילינען נאָך, און שרייט:

— גיי ניט! דער פאָטער האָט ניט געהייסן. איך וועל
באַלד מענטשן רופן!

האָט אים גענומען זשילין איינריידן:

— איך, זאָגט ער, וועל ווייט ניט גיין—נאָר אויף יענעם
באַרג וויל איך זיך אויפהייבן: איך דאַרף געפינען אַ גראָז —
כדי מיט איר אייער עולם צו היילן. קום מיט מיר, איך וועל
ניט אַנטלויפן מיט די קלעצלעך. און דיר וועל איך דערפאַר
מאַכן מאַכן אַ פייל און בויגן.

האָט ער איינגערעדט דעם קליינעם און זיי האָבן זיך גע=

לאָזט גיין. ווען מען קוקט אויפן באַרג — דאַכט זיך אויס, אַז עס איז ניט ווייט, אָבער גיין מיט די קלעצלעך איז זייער שווער; געגאַנגען, געגאַנגען, קוים אַרויפגעקלעטערט. האָט זיך זשילין צוגעזעצט, גענומען זיך צוקוקן צום אָרט. צו דרום צו פון זיין קאַמער ליגט אַ טאָל, דאָרט גייט אַרום אַ טשערעדע, און אין דער נידער זעט זיך אָן אַ פרעמדער אַאול. פון דעם אַאול הייבט זיך אויף אַ צווייטער באַרג — נאָך פעלזיקער. און הינטער יענעם באַרג — ווייטער אַ באַרג. צווישן די בערג זעט זיך אָן דער וואַלד, ווי אַ בלויער פלעק, און אַהין ווייטער, נאָך בערג — הייבן זיך אויף אַלץ העכער און העכער. און נאָך העכער פון זיי — שטייען בערג, ווייסע, ווי צוקער, אַלע מיט שניי באַ־דעקט. און איין שנייאיקער באַרג הויכט זיך ווי אַ היטל איבער אַלע איבעריקע. אויף מזרח, מערב — אַלץ די זעלבע בערג; דאָ און דאָרט אין די בערג־שפאַלטן רויכערן זיך די אַאולן. „נו, טראַכט ער, דאָס זיינען אַלץ זייערע מקומות". האָט ער גענומען קוקן אין דער רוסישער זייט; אונטער די פיס ליגט אַ טייכל, לעבן דעם טייכל דער אַאול זייערער און אַרום און אַרום גערטנדלעך. ביים טייכל זיצן ווייבער, שווענקען וועש, פון דער ווייטנס זעען זיי אויס ווי קליינע טאָקן. פון יענער זייט אַאול, נידעריקער, געפינט זיך אַ קלענערער באַרג, איבער אים נאָך צוויי בערג, און אויף די בערג אַ וואַלד; צווישן די צוויי בערג זעט זיך אַ גלייכער אָרט, און דאָרט ווייט־ווייט קרייזלט זיך עפּעס, פונקט ווי רויך. האָט גענומען זשילין דערמאָנען זיך פון וועלכער זייט פלעגט די זון אויפגיין און אין וועלכער זייט פאַר־גיין, בשעת ער האָט געוווינט אין דער פעסטונג. קלערט ער — דאָרט טאַקע, אין יענעם טאָל, ליגט, ווייזט אויס, זיין פעסטונג. אַהין, צווישן אָט די צוויי בערג, דאַרף מען טאַקע אַנטלויפן.

דערווייל האָט די זון אָנגעהויבן צו פאַרגיין. די שנייאיקע בערג זיינען רויט געוואָרן, און די שוואַרצע בערג זיינען נאָך שוואַרצער געוואָרן; פון די טאָלן האָט זיך אויפגעהויבן אַ פאַרע און יענער טאָל וו די פעסטונג זיינע דאַרף זיין, האָט זיך פון דעם זון־אונטערגאַנג ווי אַ פייער אָנגעצונדן. זשילין האָט זיך נאָך שטאַרקער גענומען איינקוקן — עפּעס שווינדלט דאָרט אין דעם טאָל, פונקט ווי אַ רויך גייט פון די קוימענס. און עס דאַכט

זיך אים שוין אויס אויף געווים, אַז דאָרט ליגט די רוסישע פעסטונג.

שוין שפּעט געוואָרן. מען הערט—דער מולאַ*) האָט אויסגערופן, מען טרייבט די טשערעדעס—די בהמות מקען. און דער קליינער רופט אַלץ: „קום", אָבער זשילינען גלוסט זיך ניט אַוועקגיין.

ענדלעך זיינען זיי געקומען אַהיים. „נו,—טראַכט זשילין,— דעם אָרט ווייס איך שוין, איצט דאַרף מען אַנטלויפן". לויפן האָט ער באַשלאָסן אין דער זעלבער נאַכט. די נעכט זיינען געווען פינסטערע, — סוף חודשדיקע. אָבער אויף זיין אומגליק האָבן זיך פאַרנאַכט אומגעקערט די טאָטערן. כסדר פלעגן זיי קומען צו פאָרן פריילעכע און מיטברענגען מיט זיך אַ סך בהמות. אָבער אויף דעם מאָל זיינען זיי געקומען מיט פוסטע הענט, און נאָר געבראַכט צו פירן אויף אַ זאָטל וויערן אַ דערהרגעטן טאָטער, דעם רויטנס אַ ברודער. געקומען זיינען זיי בייזע, צונויפגעקליבען זיך אים מקבר צו זיין. אויך זשילין איז אַרויס אַ קוק טאָן. האָט מען דעם טויטן פאַרהילט אין לייוונט, און אָן אַן אָרון אַרויסגעטראָגן אים אויסער דעם דאָרף און דאָרט אַנידערגעלייגט אויפן גראָז אונטער אַ בוים. באַלד איז געקומען דער מולאַ און מיט אים די זקנים, אַלע האָבן זיי אַרומגעבונדן זייערע היטלען מיט האַנטעכער, אַראָפּגענומען די שיך און געזעצט זיך אויף די פּיאַטעס שורות-ווייז אַנטקעגן דעם טויטן.

פון פאָרנט זיצט דער מולאַ, הינטער אים, אין דער ערשטער שורה, דריי זקנים אין טשאַלמעס, הינטער זיי—נאָך טאָטערן. מען זיצט מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און מען שווייגט, לאַנג געשוויגן. לסוף האָט דער מולאַ אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געזאָגט:

אַלאַ! (דאָס הייסט גאָט). — געזאָגט דעם וואָרט און ווייטער אַראָפּגעלאָזט די אויגן און ווייטער לאַנג געשוויגן; זיצן אַלע—קיינער רירט זיך ניט.

האָט דער מולאַ אַ צווייטן מאָל אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

אַלאַ!—און אַלע האָבן איבערגעחזרט: „אַלאַ!" און ווייטער שטיל געבליבן. דער טויטער ליגט שטום אויפן גראָז, און זיי

*) מולאַ — אַ טאָטערשער גלח.

אַלע זיצן ווי טויטע. קיין איינער טוט זיך ניט קיין ריר. און מ'קען הערט נאָר ווי די בלעטלעך ציטערן אויפֿן בוים פֿון ווינט. שפּעטער האָט דער מולא געזאָגט אַ תּפֿילה, אַלע זיינען אויפֿגעשטאַנען, גענומען דעם טויטן אויף די הענט, און געבראַכט אים צו טראָגן צו אַ גרוב. און די גרוב איז ניט קיין פּשוטע, נאָר ווי אַ קעלער — ס'איז זי אונטערגעגראָבן אונטער דער ערד. האָט מען דעם טויטן גענומען אונטער די פּאַכוועס און פּאַר די פֿיס, איבערגעבויגן אים, פּאַוואָלי אַראָפּגעלאָזט, זיצנדיקערהייט אונטערגערוקט אונטער דער ערד און די הענט אים אויפֿן בויך צונויפֿגעלייגט.

דער אַרבעטער האָט געבראַכט צו שלעפּן גרינעם אָטשערעט. די טאַטערן האָבן אויסגעבעט דעם קבר מיט אָטשערעט, פֿלינק פֿאַרשאָטן אים און אַוועקגעשטעלט אויף אים אַ שטיין. שפּעטער האָבן זיי אויסגעגלייכט אויפֿן קבר די ערד און ווייטער זיך אויסגעזעצט לעבן אים. ווייטער לאַנג געשוויגן.

„אַלאַ, אַלאַ!"—אָפּגעזיפֿצט און אויפֿגעשטאַנען.

דער רויטער האָט צעטיילט צווישן די זקנים אַ ביסל געלט, שפּעטער גענומען אַ קאַנטשיק, דריי מאָל אַ קלאַפּ געטאָן זיך איבערן שטערן און איז אַוועק אַהיים.

אין דער פֿרי זעט זשילין — דער רויטער פֿירט אַ פֿערד, און נאָך אים גייען דריי טאַטערן. אַרויס פֿון דאָרף, האָט דער רויטער אַראָפּגענומען זיין בגד, פֿאַרקאַטשעט די אַרבל, — (הענטליעס האָט ער געזונטע), — אַרויסגענומען דעם מעסער און אָנגעשאַרפֿט אים אויף אַ שאַרף־שטיין. — די טאַטערן האָבן פֿאַרריסן דעם פֿערד דעם קאָפּ אַרויף, דער רויטער איז צוגעגאַנגען, איבערגעשניטן דעם פֿערד זיין האַלז, אַנידערגעוואַלגערט אים און גענומען אים שינדן — מיט די פֿויסטן אַרונטערצוטרענען זיין פֿעל. זיינען געקומען ווייבער, מיידלעך, גענומען וואַשן די געדערים און דעם אינגעווייד פֿונעם פֿערד און אַריינגעשלעפּט אים אין שטוב. און דער גאַנצער דאָרף האָט זיך צונויפֿגעקליבן צום רויטן מזכיר נשמה זיין דעם פֿאַרשטאָרבענעם.

דריי טעג האָבן זיי געגעסן פֿערדן־פֿלייש און געטרונקען קוואַ — דעם פֿאַרשטאָרבענעם אויף אַזאַ אופֿן מזכיר נשמה געווען. אַלע טאַטערן זיינען געזעסן אין דער היים. אויפֿן פֿערטן טאָג, מיטאָגס־צייט, האָבן זיי זיך גענומען קלייבן ערגעץ. זיי

האָבן אָנגעזאָטלט די פערד, און אַ מאָן צען, צווישן זיי אויך דער רויטער, האָבן פאַרלאָזט דעם דאָרף. איין אַבדול איז נאָר געבליבן אין דער היים. די מעשה איז געווען אָנהייב חודש און די נעכט זיינען נאָך דאַמאָלסט געווען פינסטערע.

נו, — טראַכט זיך זשילין, — היינט דאַרף מען לויפן, און לייגט פאַר קאָסטילינען. אָבער קאָסטילין האָט זיך דערשראָקן.

— וואָס הייסט לויפן? מיר ווייסן דאָך ניט דעם וועג.

— איך ווייס דעם וועג.

— אָבער מיר וועלן דאָך אין איין נאַכט נישט דערגיין.

— טאָמער ניט — וועלן מיר איבערנעכטיקן אין וואַלד. איך האָב אַפילו פּלעצלעך צוגעגרייט. וואָס וועסטו דאָ זיצן? וועט מען צושיקן געלט — איז גוט. טאָמער אָבער ניט? די טאָטערן זיינען איצט שטאַרק בייז אויף די רוסישע פאַרן הרוג. מען שמועסט אונטער, אַז זיי ווילן אונז הרגענען.

האָט קאָסטילין געטראַכט, געטראַכט.

— נו, קום!

V

איז זשילין אַריינגעקראָכן אין דער לאָך, געמאַכט זי ברייטער, כּדי קאָסטילין זאָל אויך קאָנען דורכקריכן; זיצן זיי און וואַרטן, אין אַאול זאָל שטיל ווערן.

און ווי נאָר אין אַאול איז שטיל געוואָרן, איז זשילין אַרונ= טערגעקראָכן אונטערן וואַנט און זאָגט שטיל צו קאָסטילינען: „קריך". האָט קאָסטילין אויך גענומען קריכן, אָבער ער האָט מיטן קלעצל פאַרטשעפּעט אין אַ שטיין און אַ קלאַפּ געטאָן. און דער בעל=הבית האָט אַ היטער — אַ בונטער הונט, אַ בייזן שבבייזן. געהייסן האָט ער אוליאַשין און זשילין האָט אים נאָך פריער צוגעוויינט צו זיך דורך צווואַרפן אים אַ ביסן. האָט אוליאַשין דערהערט דעם קלאַפּ, זיך צעבילט, אַ לאָז געטאָן זיך פאָרויס, און נאָך אים אַנדערע הינט. אָבער זשילין האָט אַ פייף געטאָן, און אַ וואָרף געטאָן אים אַ שטיקל פּלעצל. אוליאַשין האָט אים דערקענט, גענומען דרייען מיטן עק און אויפגעהערט צו בילן.

דער בעל=הבית האָט דערהערט דעם געביל און האָט זיך צעהייטקעט פון שטוב: „הייט, הייט, אוליאַשין".

און זשילין קיצלט אוליאַשינען אונטער די אויערן. שווייגט דער הונט, שאַרט זיך ביי זיינע פיס, דרייט מיטן וויידל.

זיינען זיי אַ ווײלע געזעסן אין אַ פאַרשטעקט ווינקל, אַרום איז שטיל, מען הערט נאָר ווי אַ פאַרשפּאַרטע שעפּעלע מעקעט און די וואַסער רוישט אַראָפּ איבער די שטיינדעלעך. פינסטער, די שטערן שטייען הויך אין הימל. איבערן באַרג האָט זיך גענומען רויטלען דער יונגער מולד, קריכט מיט די הערנדלעך אַרויף. אין די לאָנקעס אַרום וויסט זיך דער נעבל, ווי מילך.

האָט זיך זשילין אויפגעהויבן, און זאָגט צום חבר: נו, ברודער, איידאַ!

האָבן זיי געלאָזט זיך אין וועג; נאָר עטלעכע טריט געמאַכט, הערן זיי — דער מולא האָט זיך צעזונגען אויפן דאַך: „אַלאַ בעסמילאַ! אילראַכמאַן!" — דער עולם וועט, הייסט דאָס, באַלד גיין אין קלויסטער אַריין, האָבן זיי זיך ווייטער צוגעדעצט, זיך באַהאַלטן אונטער אַ וואַנט, און לאַנג געזעסן, געוואַרט ביז דער עולם וועט אַדורכגיין. שפּעטער איז ווייטער שטיל געוואָרן.

— נו, מיט גאָטס הילף! — זיי האָבן זיך איבערגעצלמט און זיך געלאָזט גיין. זיי זיינען אַריבער אַ הויף, אַראָפּ צום טייכל, אַריבער דעם טייכל און זיינען אַוועק מיטן טאָל. דער נעבל איז אַ געדיכטער, אָבער ער האַלט זיך אונטן, און אין דער הויך פינקלען שטערן. זשילין קוקט זיך איין אין די שטערן, וויל טרעפן די ריכטונג. דער נעבל פרישט אים אָפּ, מאַכט אים גרינג דעם גאַנג, נאָר די שטיוול שטערן אים, ווייל זיי זיינען שוין שטאַרק אָפּגעטראָגן. האָט זשילין אויסגעטאָן זיינע שטיוול, אַוועקגעוואָרפן זיי און זיך געלאָזט גיין באָרוועסערהייט. שפּרינגט פון אַ שטיינדל אויף אַ שטיינדל און קוקט אויף די שטערן. קאָסטילין אָבער האָט גיך אָנגעהויבן אָפּצושטיין.

— גיי, זאָגט ער, פּאַמעלעך, די פאַרשאָלטענע שטיוול האָבן מיר שרעקלעך אָנגעריבן די פיס.

— טאָ נעם זשע זיי אַראָפּ, וועט דיר זיין גרינגער.

קאָסטילין האָט געפּרוווט גיין באָרוועס — איז נאָך ערגער: די שטיינער שניידן אים די פיס און ער שטייט ווייטער אָפּ. זאָגט צו אים זשילין:

— די צעקלאַפּטע פּיס וועלן זיך ביי דיר פאַרהיילן, אָבער טאָמער דעריאָגט מען אונז, וועט מען אונז ה״גענען, איז דאָך ערגער.

קאַסטילין זאָגט גאָר ניט — גייט, האַלט אין איין קרעכצן, לאַנג זיינען זיי אין דער נידער געגאַנגען, פּלוצים האָבן זיי דער־הערט — רעכטס בילן הינט. זשילין האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַרומגעקוקט זיך, אַרויפגעקראָכן אויף אַ באַרג און מיט די הענט אַרומגעטאַפּט דעם אָרט.

— עך! זאָגט ער, מיר האָבן זיך טועה געווען — אין דער רעכטער זייט אַוועק. דאָ איז גאָר אַ פרעמדער אַאול, איך האָב אים פון באַרג געזען; מען דאַרף גיין צוריק, באַרג אַרויף. דאָרט דאַרף ערגעץ זיין אַ וואַלד.

און קאַסטילין זאָגט:

— וואַרט צו כאָטש אַ קליין ביסל, לאָז דעם אָטעם כאַפּן: די פּיס זיינען ביי מיר אינגאַנצן צעבלוטיקט.

— עט, ברודער, זיי וועלן זיך פאַרהיילן; דו שפּרינג נאָר גרינגער, אָט אַזוי!

און זשילין האָט זיך אַ לאָז געטאָן צוריק, לינקס, באַרג אַרויף, צום וואַלד צו.

קאַסטילין שטייט אָפּ, הערט ניט אויף צו אויקען. גיט זשי־לין פון צייט צו צייט אַ שאַקע אויף אים און גייט ווייטער.

זיינען זיי אַרויף אויפן באַרג, ריכטיק — אַ וואַלד. נאָר אַריין אין וואַלד, האָבן זיי באַלד אין די שטעכעלקעס דאָס רעשטל בגד צעריסן. אָנגעטראָפן אויף אַ שטעגל אין וואַלד. גייען זיי.

שטיי! — עס האָט זיך פּלוצים דערהערט אַ קלאַפּ פון קאָפּיטעס איבערן וועג. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט, גענומען צו־הערן זיך. עפּעס קלאַפּט, ווי אַ פערד און הערט אויף. לאָזן זיי זיך גיין — הערט זיך דער קלאַפּן. שטעלן זיי זיך אָפּ — רייסט זיך דער קלאַפּן אויך אָפּ. איז זשילין צוגעקראָכן, קוקט אויפן שיין איבערן וועג — עפּעס שטייט דאָרט: אַ פערד, ניט קיין פערד, און דער פערד טראָגט אויף זיך עפּעס אויסטער־לישעס, אויף קיין מענטשן נישט ענלעך. הערט ער — עס האָט אַ נים געטאָן. „וואָס איז דאָס פאַר אַ וואונדער!“ און זשילין האָט שטילערהייט אַ פייף געטאָן, — און יענץ גיט זיך אַ וואָרף

פון וועג אין וואַלד אַריין און צעקנאַקט זיך אין וואַלד, פונקט ווי אַ שטורם פּליט עס, ברעכט די צווייגן אויפן וועג.

קאַסטילין איז פון שרעק אַנידערגעפאַלן. און זשילין לאַכט און באַרואיקט אים:

עס איז אַ הירש, הערסט, ווי ער ברעכט מיט די הערנער דעם וואַלד. מיר האָבן פאַר אים מורא, און ער האָט פאַר אונז מורא.

זיינען זיי אַוועק ווייטער. עס האָבן זיך באַוויזן די מאָרגן-שטערנס, שוין באַלד טאָג. אָבער צי גייען זיי גוט אָדער ניין — ווייסן זיי ניט. זשילינען דאַכט זיך אַפילו אויס, אַז מען האָט אים מיטן אייגענעם וועג אַהער געפירט און אַז ביז צו די רוסישע וועט נאָך זיין אַ ווערסט צען, אָבער קיין סימן קיין גוטן האָט ער ניט, און חוץ דעם קאָן מען דען ביינאַכט עפּעס זען? זיינען זיי אַרויס אויף אַ לאָנקע. קאַסטילין האָט זיך צוגעזעצט, און זאָגט:

— ווי דו ווילסט זיך, אָבער איך וועל נישט דערגיין; די פיס גייען ביי מיר ניט.

האָט אים זשילין גענומען איינריידן.

— ניין, — זאָגט ער, — איך וועל ניט דערגיין, איך קאָן ניט.

איז זשילין אין כעס געוואָרן, אַ שפּיי געטאָן און אויסגעזידלט אים.

— אויב אַזוי, גיי איך אַליין; זיי מיר געזונט!

דאַמאָלסט איז קאַסטילין אויפגעשפּרונגען און האָט זיך געלאָזט נאָך זשילינען. זיי זיינען דורכגעגאַנגען אַ ווערסט פיר. דער נעבל אין וואַלד איז געוואָרן נאָך געדיכטער; פינסטער אַרום און אַרום, און די שטערן זעען זיך שוין אויך קוים אָן.

פּלוצים הערן זיי — פאָרויס לויפט אַ פערד. מען הערט, ווי ער פּאַטשעפּעט זיך מיט די קאָפּיטעס אין די שטיינער. זשילין האָט זיך אויסגעצויגן אויפן בויך, צוגעלייגט זיין אויער צו דער ערד.

— אַזוי איז דאָס — אַ רייטער פאָרט אַהער, צו אונז.

זיינען זיי אַראָפּ פון וועג, און זיך צוגעזעצט צווישן די ביימלעך, שפּעטער איז זשילין צוגעקראָכן צום וועג, זעט ער — אַ טאַטער פאָרט רייטנדיק, טרייבט אַ קו און מורמלט

זיך עפּעס אונטער דער נאָז. דער טאָטער איז פֿאַרבײַגעפֿאָרן, און זשילין האָט זיך צוריקגעקערט צו קאָסטילינען.

— נו, דאַנקען גאָט — אוים געפֿאַר. איצט שטיי אויף. קום.

קאָסטילין האָט געפּרוווט אויפֿשטיין, אָבער ער איז געפֿאַלן צוריק.

— איך קאָן ניט, אויף מײַן וואָרט איך קאָן ניט. קיין כּוחות ניטאָ.

אַ מאַן איז ער אַ שווערער, אַ דיקער, האָט אים אַ שווייס באַשלאָגן; און ווען דער קאַלטער נעבל אין וואַלד האָט אים דורכגענומען, איז ער גאָר צעקראָכן געוואָרן. און דערצו זײַנען נאָך בײַ אים די פֿיס שטאַרק צעקלאַפּט. האָט אים זשילין געפּרוווט אויפֿהייבן מיט גוואַלד, אָבער ער האָט זיך צעשריען אויף אַ קול:

— אוי, עס טוט וויי!

איז זשילין אַזש פֿאַרצאַפּלט געוואָרן.

— וואָס שרייסטו? דער טאָטער איז דאָך נאָענט, ער וועט דערהערן.—און אַליין טראַכט ער זיך: „ער איז אויף דער אמת שטאַרק שוואַך; וואָס זאָל איך מיט אים טאָן? איבערלאָזן אַ חבֿר טויג אויך ניט".

— נו, זאָגט ער, שטיי אויף, זעץ זיך אַרויף אויף מיר. אויב דו קאָנסט ניט גיין—וועל איך דיך טראָגן.

האָט זשילין אים אַרויפֿגעזעצט צו זיך אויף דער פּלייצע, אַרומגענומען מיט די הענט זײַנע פֿיס, אַרויס אויפֿן וועג און זיך געלאָזט גיין.

— אָבער, זאָגט ער, ווי גאָט איז דיר ליב, וואַרג מיר ניט דעם האַלז. האַלט זיך בעסער פֿאַר די אַקסלען.

זשילינען איז שטאַרק שווער. זײַנע פֿיס זײַנען אויך צעבלוטיקט, און ער איז שוין זייער מיד. בייגט ער זיך אײַן, וואַרפֿט אונטער קאָסטילינען העכער, מאַכט זיך באַקוועמער און שלעפּט אים ווײַטער.

אָבער דער טאָטער האָט, אַפֿנים, דערהערט קאָסטילינס פֿריערדיקן געשריי. און זשילין הערט – עמיצער פֿאָרט פֿון הינטן, רופֿט עפּעס אוים אויף טאָטעריש. האָט זיך זשילין אַ וואָרף געטאָן צווישן די בײמלעך. דער טאָטער האָט אַרויסגעכאַפּט

זיין ביקס, אויסגעשאָסן,—נישט געטראָפן, צעקוויטשעט זיך אויף טאַטעריש און איז אַוועקגעשפּרונגען מיטן וועג.

— נו, זאָגט זשילין,—מיר זיינען, ברודער, אין דער אַרבעט! דער הונט וועט באַלד צונויפרופן די טאָטערן. גייען מיר ניט דורך אַ ווערסט דריי — זיינען מיר פאַרפאַלן. און אַליין טראַכט ער זיך: „דער רוח האָט מיך געשלעפּט נעמען מיט זיך אָט דעם קלאָץ. אַליין וואָלט איך זיך שוין אַן עצה געגעבן!"

און קאָסטילין זאָגט:

— גיי אַליין, קוק ניט אויף מיר און ראַטעווע כאָטש דו זיך אַליין אַרויס.

— ניין, עס טויג נים: איך וועל ניט איבערלאָזן קיין חבר.

און ער האָט ווייטער אַרויפגעוואַלגערט קאָסטילינען צו זיך אויף דער פּלייצע און זיך געלאָזט אין וועג. זיינען זיי דורכגעגאַנגען אַזוי אַ ווערסט. און צום וואַלד איז נאָך אַלץ קיין סוף ניטאָ. דער נעבל צעגייט זיך שוין, און עפּעס אַזוי ווי וואָלקנדלעך האָבן גענומען שוועבן — פאַרשטעלן די שטערן. זשילין איז שטאַרק מיד געוואָרן.

און דאָ זיינען זיי צוגעקומען צו אַ קוועלכנדל, מיט שטיינער אַרום און אַרום. זשילין האָט זיך אָפּגעשטעלט און האָט אַראָפּגעזעצט פון זיך קאָסטילינען.

לאָמיר, זאָגט ער, זיך אָפּרוען, כאַפּן אַ טרונק, אָפּעסן. מיר האָבן דאָך פּלעצלעך. עס איז שוין, ווייזט אויס, ניט ווייט.

אָבער ווי נאָר ער האָט זיך אָנגעבויגן אַ טרונק צו טאָן האָט ער דערהערט אַ קלאַפּעריי. האָבן זיי זיך אַ וואָרף געטאָן רעכטס, באַרג אַראָפּ און האָבן זיך באַהאַלטן צווישן די ביימלעך.

הערן זיי — טאָטערשע שטימען. די טאָטערן האָבן זיך אָפּגעשטעלט פּונקט אויף יענעם אָרט, וווּ זיי זיינען אַראָפּ פון וועג. די טאָטערן האָבן אַ ביסל גערעדט צווישן זיך און שפּעטער גענומען פּייפן — אָנרייצן אויף זיי הינט. באַלד האָבן זיי דערהערט אַ קנאַקעריי צווישן די ביימלעך און דערזען אַ פרעמדן הונט, וואָס איז געלאָפן גלייך אויף זיי. דער הונט האָט זיך אָפּגעשטעלט, האַווקעט.

און נאָכן הונט קריכן טאָטערן — אויך פרעמדע. די טאָטערן האָבן געכאַפּט זשילינען און קאָסטילינען, האָבן זיי גע=

בונדן, אַרויפֿגעזעצט זיי צו זיך אויף די פֿערד און האָבן זיך געלאָזט אין וועג.

דורכגעפֿאָרן אַ ווערסט צוויי, האָבן זיי באַגעגנט אַבדולן, דעם בעל־הבית נאָך מיט צוויי טאַטערן. אַבדול האָט איבערגערעדט מיט די פֿרעמדע טאַטערן און האָט איבערגעזעצט זשילינען מיט קאָסטילינען צו זיך און צו זיינע טאַטערן אויף די פֿערד.

אַבדול לאַכט שוין ניט און רעדט צו זיי אַפֿילו קיין וואָרט ניט אויס.

באַגינען־צייט האָט מען זיי געבראַכט אין אַאול און געלאָזט זיי אין דרויסן. חברה־לייט זיינען זיך צונויפֿגעלאָפֿן, שלאָגן זשילינען און קאָסטילינען מיט שטיינער, קאַנטשיקעס און קוויטשען דערביי.

די טאַטערן האָבן זיך צונויפֿגעקליבן אין אַ רעדל, אויך דער אַלטער פֿון אונטערן באַרג איז געקומען. זיי האָבן גענומען ריידן. הערט זשילין, אַז מען איז זיך מישב, וואָס צו טאָן מיט זיי. אייניקע זאָגן: „מען דאַרף זיי אַוועקשיקן ווייט אין די בערג". דער אַלטער זאָגט: „מען דאַרף זיי הרגענען". אַבדול קריגט זיך מיט זיי, טענהט: „איך האָב באַצאָלט, איך וויל אָפּנעמען מיין געלט". און דער אַלטער זאָגט: „זיי וועלן דיר ניט באַצאָלן. דו וועסט פֿון זיי נאָר צרות האָבן. און רוסישע צו געבן עסן איז אַ גרויסע עבֿרה. הרגענען זיי — און אַן עק".

די טאַטערן זיינען זיך צעגאַנגען. דער בעל־הבית איז צוגעגאַנגען צו זשילינען, גענומען צו אים ריידן:

— אויב מען וועט מיר, זאָגט ער, אין אַ משך פֿון צוויי וואָכן ניט צושיקן פֿאַר אייך קיין געלט, וועל איך אייך שמייסן צום טויט. און טאָמער פּרוּווסטו נאָך אַמאָל אַנטלויפֿן, וועל איך דיך, ווי אַ משוגענעם הונט, דערהרגענען. שרייב אָן אַ בריוו, שרייב גוט!

ער האָט געבראַכט פּאַפּיר, און זיי האָבן אָנגעשריבן די בריוו. שפּעטער האָט מען אָנגעטאָן אויף זיי די קלעצלעך און מען האָט זיי אַוועקגעפֿירט אויף יענער זייט מעטשיעט. דאָרט איז געווען אַ גרוב פֿון 5 אַרשין די טיף — האָט מען זיי אין יענער גרוב אַראָפּגעלאָזט.

## VI

שווער איז זיי געוואָרן צו לעבן. די קלעצלעך האָט מען פון זיי שוין אײַנגאַנצן ניט אַראָפּגענומען, און מען האָט זיי אויך ניט אַרויסגעלאָזט אויף דער פרייער לופט. מען האָט פאַר זיי, ווי פאַר הינט, אַראָפּגעוואָרפן רויען טייג און אַראָפּגעלאָזט וואַסער אין אַ קרוג. אין גרוב שטינקט, עס איז דאָרט הייס, נאַס. קאָסטילין איז שוין גאָר קראַנק געוואָרן. די ביינער ברעכן אים און נאָר ער קרעכצט אָדער ער שלאָפט. און זשילין האָט שוין אויך אַראָפּגעלאָזט די נאָז: ער זעט—עס איז אַ ביטערע מעשה, און ער ווייסט גאָרניט וואָס הייבט מען אָן צו טאָן.

ער האָט אַפילו געפּרווט אויפסניי גראָבן, אָבער איצט איז שוין ניט געווען וווהין אַרויסצוּוואַרפן די ערד. און דערצו האָט דער בעל-הבית באַלד באַמערקט און געדראָט אים מיט טויט.

זיצט ער איינמאָל אין גרוב אויף די קנאָפּלעך, טראַכט וועגן דער פרייער וועלט, און אויפן האַרצן איז אים זייער אומעטיק. פּלוצים איז אים אויף די קני אַראָפּגעפאַלן אַ פּלעצל, באַלד אַ צווייטער און נאָכדעם האָבן זיך אַ שאָט געטאָן ווײַנשל. ער האָט אַ קוק געטאָן אַרויף און דערזען דינען. און דינאַ, ווי נאָר זי האָט געכאַפּט זיין בליק, האָט זיך צעלאַכט און איז אַנטלאָפן. און זשילין טראַכט זיך: „אפשר וועט מיר דינאַ העלפן?”

האָט ער אָפּגערייניקט אין גרוב אַן אָרט, אָנגעשאַרט ליים און גענומען קלעפּן טאָקן. אויסגעקלעפּט מענטשן, פערד, הינט און טראַכט זיך: „ווי נאָר דינאַ וועט קומען, וועל איך איר אַלץ אַרויפוואַרפן”.

אָבער דינאַ איז אויפן צווייטן טאָג ניט געקומען. און זשילין הערט — פערד קלאַפּן מיט די קאָפּיטעס, פאָרן פאַרביי. און באַלד האָבן זיך לעבן מעטשעט צונויפגעקליבן די טאָטערן, קריגן זיך, שרייען, דערמאָנען די רוסישע. עס הערט זיך דעם אַלטנס קול. גוט האָט זשילין ניט פאַרשטאַנען אין וואָס עס האַנדלט זיך דאָרט, אָבער ער שטויסט זיך שוין אָן, אַז די רוסישע זיינען נאָענט, די טאָטערן האָבן מורא פאַרן אַאול און זיי ווייסן ניט וואָס מיט די געפאַנגענע צו טאָן.

האָבן זיי אָפּגערעדט און אַוועק. פּלוצים הערט ער —

עפּעס האָט אַ רויש געטאָן אויבן. זעט ער: דינאַ האָט זיך צו־
געזעצט צו דער ערד, די קניעלעך טאָרטשען העכער פון דעם
קאָפּ, אַראָפּגעבויגן זיך, די קרעלן הענגען, שאָקלען זיך איבערן
גרוב און די אייגעלעך בלינצן ווי שטערנדלעך. האָט זי אַרויס־
גענומען פון דעם אַרבל צוויי קעז־קיכעלעך, אַ וואָרף געטאָן
אים. זשילין האָט גענומען און זאָגט:

— פאַרוואָס ביסטו אַזוי לאַנג ניט געווען דאָ? איך האָב
פאַר דיר געמאַכט שפּילכנדלעך. נאַ, אָט האָסטו! — און גע־
נומען איר וואַרפן איינציקווייז.

און זי שאָקלט מיטן קאָפּ, קוקט ניט.

— מען דאַרף ניט! — זאָגט זי. געשוויגן אַ ווײַלע, אַ
ביסל געזעסן און געזאָגט: — איוואַן! מען וויל דיך הרגענען. —
און אַליין ווײַזט זי אָן מיט דער האַנט אויפן האַלז.

— ווער וויל הרגענען?

— דער טאַטע, די אַלטע הייסן אים. און מיר איז אַ
רחמנות אויף דיר.

רופט זיך אָן זשילין:

— און אויב דיר איז אַ רחמנות אויף מיר, טאָ ברענג
מיר אַ לאַנגן שטעקן.

און זי שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. האָט ער צונויפגעלייגט
די הענט, בעט זיך רחמים בײַ איר.

— דינאַ, איך בעט דיך, דינעלע, ברענג!

— מען טאָר ניט, — זאָגט זי, — מען וועט דערזען, אַלע
זײַנען אין דער היים. — און איז אַוועק.

זיצט זיך זשילין פאַרנאַכט און טראַכט: „וואָס וועט זײַן?" —
קוקט אַלץ אַרויף. די שטערן זעט מען שוין, און די לבנה איז
נאָך ניט אַרויס. דער מולאַ האָט אויסגערופן; אַרום איז שטיל
געוואָרן, האָט שוין זשילין גענומען דרעמלען, טראַכט זיך: „די
מיידל וועט מורא האָבן".

פּלוצים טוט זיך אים אַ שאָט אויפן קאָפּ ליים; ער גיט
אַ קוק אַרויף — אַ גרויסער שטעקן שפּאַרט זיך אין יענער
זײַט גרוב. גליטשט זיך, לאָזט זיך אַראָפּ, קריכט אין גרוב
אַרײַן. האָט זיך זשילין דערפרייט, אָנגעכאַפּט דעם שטעקן מיט
דער האַנט, אַראָפּגעלאָזט אים — אַ פעסטער שטעקן! ער האָט
דעם שטעקן אויף דעם בעל־הבית דאַך נאָך פריער געזען.

האָט ער אַ קוק געטאָן אַרויף: די שטערן פינקלען הויך אין הימל, און ביים סאַמער לאָך פון גרוב לויכטן אין דער פינסטער דינעס אויגן ווי ביי אַ קאַץ. האָט זי זיך אָנגעבויגן מיטן פנים אויפן עק גרוב און רופט שטיל.

— איוואַן, איוואַן! — און אַליין מאַכט זי מיט די הענט לעבן איר פנים, „שטילער" הייסט דאָס.

— וואָס? — פרעגט זשילין.

— אַוועקגעפאָרן אַלע, נאָר צוויי זיינען אין דער היים. רופט זיך אָן זשילין:

— נו, קאָסטילין, קום, לאָמיר זיך פרוון צום לעצטן מאָל; איך וועל דיך אונטערזעצן.

אָבער קאָסטילין וויל אַפילו ניט הערן.

— ניין, — זאָגט ער, — מיר איז שוין, אַפנים, ניט באַשערט פון דאַנען אַרויסצוגיין. וווהין זאָל איך גיין, אַז איך האָב אַפילו קיין כוח ניט אַ דריי צו טאָן זיך?

— נו, טאָ זיי מיר געזונט, האָב קיין פאַריבל נישט — און ער האָט זיך צעקושט מיט קאָסטילינען.

אָנגעכאַפּט זיך פאַרן שטעקן, געהייסן דינען האַלטן און גע־נומען קריכן. צוויי מאָל זיך אַראָפּגעריסן, — די קלעצלעך האָבן געשטערט. קאָסטילין האָט אים אונטערגעהאַלטן, — איז ער ווי עס איז אַרויפגעקראָכן אַרויף און דינע שלעפּט אים מיט די הענט־לעך פאַרן העמד פון אַלע כוחות, אַליין לאַכט זי.

האָט גענומען זשילין דעם שטעקן און זאָגט:

— טראָג אָפּ אויפן אָרט, דינע, אַניט וועט מען זיך כאַפּן, און דיך אָנשלאָגן. — האָט זי אַוועקגעשלעפּט דעם שטעקן, און זשילין האָט זיך געלאָזט באַרג אַראָפּ. אַראָפּגעקראָכן פון באַרג, גענומען שאַרפן אַ שטיין, געוואָלט אַראָפּהאַקן דעם שלאָס פון די קלעצלעך. און דער שלאָס איז אַ שטאַרקער, און עס איז אויך ניט באַקוועם צו האַקן. הערט ער — עמיצער לויפט באַרג אַראָפּ, שפּרינגט גרינג אונטער. טראַכט ער: „מן־הסתם ווייטער דינאַ". און דינאַ איז געקומען צו לויפן, גענומען דעם שטיין און זאָגט:

— גיב, איך.

געזעצט זיך אויף די קניעלעך, געוואָלט אַראָפּהאַקן, אָבער די הענט זיינען ביי איר דינינקע, ווי ריטעלעך, און כוח איז אין

זיי אויף קיין האָר ניטאָ. האָט זי אַ וואָרף געטאָן דעם שטיין און זיך צעוויינט. זשילין האָט זיך ווייטער גענומען פּאַרן שלאָס, און דינאַ זיצט לעבן אים אויף דער ערד, האַלט אים צו פּאַרן אַקסל. זשילין האָט זיך אַרומגעקוקט, זעט ער — לינקס אונטערן באַרג האָט זיך אָנגעצונדן אַ רויטער פלאַם, דער מולד גייט אַרויס. „נו, — טראַכט ער, — ביז דער מולד וועט אויפגיין, דאַרף איך דעם טאָל דורכגיין, ביז צום וואַלד קומען". איז ער אויפגעשטאַנען, אַוועקגעוואָרפן דעם שטיין. זאָל זיין מיט דעם קלעצל, מען מוז שוין גיין.

— זיי געזונט, — זאָגט ער, — דינעלע. אייביק וועל איך דיך געדענקען.

און דינאַ האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן אים, שאַרט איבער אים מיט די הענט, זוכט וווּהין די פּלעצלעך אַריינצושטעקן. האָט ער גענומען די פּלעצלעך.

— אַ דאַנק, — זאָגט ער, — ביזט אַ חכמה, ווער וועט דיר אָן מיר טאָקן מאַכן? — און ער האָט זי אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ.

דינאַ האָט זיך צעוויינט, פאַרשטעלט דעם פּנים מיט די הענט און געלאָזט זיך לויפן באַרג אַרויף, שפּרינגט ווי אַ ציגעלע. מען הערט אין דער פינסטערניש ווי די מטבעות פון צאָפּ קלאַפּערן איבער דער פּלייצע.

זשילין האָט זיך איבערגעצלמט, גענומען אין האַנט דעם שלאָס פונעם קלעצל, כדי ער זאָל ניט קלאַפּן און זיך געלאָזט אין וועג אַריין. די פיס שלעפּט ער נאָך און הערט ניט אויף צו קוקן אויפן הימל, אַהין, פון וואַנען דער מולד דאַרף אַרויסשווימען. דעם וועג האָט ער דערקענט: ביזן וואַלד איז נאָך אַ ווערסט אַכט גאַנג — ער זאָל נאָר קאָנען אָנקומען אַהין ביז דער מולד וועט זיך באַווייזן! ער איז אַריבער דעם טייכל, אַוועק איבערן טאָל, — גייט און קוקט זיך אַלץ צו: צי זעט מען ניט דעם מולד. און דער הימל איז אַ סך העלער געוואָרן, און אויף איין זייט טאָל ווערט שוין אויך אַלץ ליכטיקער און ליכטיקער; דער שאָטן קריכט באַרג אַראָפּ, קומט צו אַלץ נעענטער צו אים.

גייט זשילין, האַלט זיך אין שאָטן, איילט, אָבער דער מולד איילט זיך נאָך שטאַרקער. אָט זיינען שוין די שפּיץ ביי-

מער, וואָס פון דער רעכטער זייט, אויך באַלויכטן געוואָרן, און באַלד איז דער מולד אינגאַנצן אַרויסגעקראָכן פון אונטער די בערג. ווייס און ליכטיק אַרום און אַרום, פונקט ווי בייטאָג,— יעדער בלעטל אויפן בוים זעט זיך אָן באַזונדער. שטיל און העל אין די בערג; אַלץ איז ווי אויסגעשטאָרבן, און עס הערט זיך נאָר, ווי אונטן פליסט און מורמלט אַ טייכל.

אָבער זשילין איז שוין געווען נאָענט פון וואַלד. צוגעאײַלט זיך און אַרײַן אין וואַלד בשלום: קיינעם ניט באַגעגנט. אין וואַלד האָט ער אויסגעקליבן אַ מער פינסטערן ערטל און זיך געזעצט אָפּרוען.

אָפּגערוט אַ ביסל, אויפגעגעסן אַ פלעצל, האָט זשילין געפונען אַ שטיין און ווייטער געפרווט אַראָפּהאַקן די קלעצלעך. ער האָט זיך די הענט צעקלאַפּט, אָבער די קלעצלעך ניט אַראָפּגעהאַקט. ענדלעך איז ער אויפגעשטאַנען און ווייטער געלאָזט זיך אין וועג. אינגאַנצן איין ווערסט דורכגעגאַנגען, איז ער שוין ווייטער געבליבן אָן כּוחות — די פיס ברעכן אים אַ שרעק. ער גייט דורך אַ טריט צען און שטעלט זיך אָפּ.

„אַ ברירה האָב איך, איך מוז דאָך גיין, — טראַכט ער זיך, — טאָמער זעץ איך זיך אַוועק, שטיי איך שוין צוריק ניט אויפ. און ביז דער פעסטונג וועל איך היינט סיי ווי ניט דערגיין, וועט שוין אויסקומען דעם טאָג איבערוואַרטן ערגעץ אין וואַלד און ערשט אויפ דער צווייטער נאַכט זיך לאָזן ווייטער".

אַ גאַנצע נאַכט איז ער געגאַנגען. נאָר צוויי רייטנדיקע טאָטערן האָט ער אויפן וועג באַגעגנט, אָבער זיי האָט זשילין פון דערווייטנס דערהערט און באַצייטנס באַהאַלטן זיך אונטער אַ בוים.

און דער מולד האָט שוין גענומען בלייך ווערן, עס איז אויסגעפאַלן דער טוי, שוין באַלד טאָג, און זשילין איז נאָך ביזן סופ וואַלד נישט דערגאַנגען. נו, — טראַכט ער זיך, — איך וועל נאָך אַ שפאַן דרייסיק מאַכן, פאַרקערעווען טיפער אין וואַלד אַרײַן און וועל זיך שוין זעצן. דורכגעגאַנגען אַ טריט דרייסיק, זעט ער פלוצים, — דער וואַלד ענדיקט זיך; ווי אויפ אַ דלאָניע ליגט פאַר אים אָפן די סטעפ, די פעסטונג, און לינקס, נאָענט צום באַרג, ברענען פייערן, לעשן זיך, אַ רויך

קרייזלט זיך — מענטשן זיצן אַרום שייטערס, און דעם שייַן פון די שייטערס בלאַנקען זייערע ביקסן.

האָט זיך זשילין גוט צוגעקוקט און דערקענט די רוסישע קאָזאַקן און זעלנער.

זשילין האָט זיך שטאַרק דערפרייט, מיט די לעצטע כוחות זיך אָנגענומען, און זיך אַ לאָז געטאָן צום באַרג. און בשעת מעשה טראַכט ער: „גאָט זאָל נאָר אויסהיטן דאָ אין פרייען פעלד אַ רייטנדיקן טאַטער צו באַגעגענען. עס איז אַפילו נאָענט צו די קאָזאַקן, אָבער איך וועל זיך ניט קאָנען ראַטעווען".

נאָר אַ טראַכט געטאָן — זעט ער: פון אַ בערגל לינקס איילן צו אים דריי טאָטערן אויף פערד, און עס טיילט אים אָפּ פון זיי אַ מהלך פון אַ דעסיאַטין צוויי — ניט מער. האָט זיך דאָס האַרץ ביי אים אַזש אָפּגעריסן, און ער האָט אָנגעהויבן צו מאַכן מיט די הענט, שרייט, גוואַלדעוועט צו די קאָזאַקן:

— ברידער, ראַטעוועט!... ברידער!...

יענע האָבן דערהערט. און באַלד זיינען פון צווישן זיי אַרויסגעשפרונגען עטלעכע רייטער און אַ לאָז געטאָן זיך איבערשניידן די טאָטערן דעם וועג.

די קאָזאַקן זיינען ווייט, און די טאָטערן נאָענט. אָבער זשילין האָט זיך שוין מיט זיין לעצט ביסל כוח אָנגענומען, אונטערגעכאַפּט די קלעצלעך, לויפט, ווייסט ניט אויף וואָסער וועלט ער איז, צלמט זיך און שרייט:

— ברידער! ברידער! ברידערלעך!...

די קאָזאַקן זיינען געווען אַ מאַן פופצן.

האָבן זיך די טאָטערן דערשראָקן, — נישט דערפאָרנדיק געקומען אָפּשטיין, און זשילין איז צוגעלאָפן צו די קאָזאַקן.

די קאָזאַקן האָבן אים אַרומגערינגלט, פרעגן אים אויס: ווער איז ער, וואָס פאַר אַ מענטש, פון וואַנען? און זשילין איז ווי ניט ביי זיך אין די הענט, וויינט, הערט ניט אויף צו שרייען:

— ברידער, ברידערלעך!...

באַלד זיינען צוגעקומען די זעלנער אויך, אַרומגערינגלט זשילינען — דער גיט אים ברויט, יענער קאַשע און דער בראָנפן; איינער דעקט אים איין, אַ צווייטער צעברעכט די קלעצלעך.

די אָפּיצירן האָבן אים דערקענט און באַלד אַוועקגעפירט אים אין פעסטונג אַריין. די זעלנער זיינע האָבן זיך שטאַרק דערפרייט און אַלע חברים זיינען זיך צונויפגעקומען צו אים.

זשילין האָט זיי דערציילט, וואָס מיט אים איז פאַרלאָפן און ביים סוף צוגעגעבן:

— אַזוי בין איך דאָס אַהיים געפאָרן, חתונה געהאַט! ניין, עס איז מיר, ווייזט אויס, ניט באַשערט געווען.

און ער איז געבליבן דינען אויף קאַווקאַז.

קאָסטילינען אָבער האָט מען ערשט אין אַ חודש אַרום אויסגעקויפט פאַר פינף טויזנט מטבעות. קוים אַ לעבעדיקן גע-בראַכט.

## י ע ר מ אַ ק.

אין די צייטן פון דעם רוסישן קיסר איוואַן וואַסיליעוויטש דעם גרויזאַמען האָבן געלעבט זייער רייכע סוחרים מיטן נאָמען סטראָגאַנאָווער. געוווינט האָבן זיי אין דער שטאָט פּיערם אויף דעם טייך קאַמאַ. איינמאָל באַקומען זיי אַ ידיעה, אַז אין דער געגנט פון דעם טייך קאַמאַ, געפינט זיך אַ גוט שטיקל נחלה אויף אַ שטח פון אַ 140 ווערסט: די ערד איז דאָרט פון קדמונים ניט געאַקערט, און וועלדער זיינען דאָרט שוואַרצע, פון קדמונים אָן ניט געהאַקטע. די וועלדער זיינען פול מיט חיות און די אָזיערעס ביים טייך פול מיט פיש; קיינער וווינט ניט אויף יענער ערד, און נאָר טאָטערן באַטרעטן זי.

האָבן די סטראָגאַנאָווער אָנגעשריבן צום קיסר אַ בריוו: „גיב אונז אָפּ דאָס שטיקל ערד, וועלן מיר זי מיט שטעט און שטעטלעך פאַרבויען, מענטשן צונויפרופן, באַזעצן זיי דאָרט און די טאָטערן וועלן שוין ניט האָבן קיין צוטריט אַהין".

דער קיסר האָט באַוויליקט און געשענקט זיי די ערד. די סטראָגאַנאָווער האָבן געשיקט זייערע שלוחים צונויפרופן מענטשן. זיינען צו זיי געקומען אַ סך הפקר-לייט. און יעדערן, ווער עס איז נאָר געקומען, האָבן די סטראָגאַנאָווער איינגעטיילט ערד, וואַלד, בהמות און קיין שום שטייערן ביי אים ניט געמאָנט: „נאַ דיר ערד, לעב זיך, ווי דו ווילסט, איין תּנאי נאָר — אין אַן עת-צרה מוזטו צוזאַמען מיט אַלעמען אַנטקעגן די טאָטערן אַרויס-

נײַן". אויף אַזאַ אופן איז די ערד באַזעצט געוואָרן דורכן רו=
סישן פֿאָלק.

זײַנען אַריבער אַ יאָר צוואַנציק. די סוחרים סטראָגאַנאָווער
זײַנען נאָך רײַכער געוואָרן. די ערד פֿון 140 ווערסט האָט זײ
שוין ניט באַפֿרידיקט, און זײ האָבן געוואָלט האָבן נאָך ערד.
אויף אַ ווערסט 100 פֿון זײ זײַנען געווען די הויכע אוראַל=
בערג און פֿון יענער זײַט בערג, האָבן זײ געהערט, ליגט גוט
ערד, וואָס צו איר איז אין סוף, און וואָס איבער איר געוועל=
טיקט דער סיבירער פֿירשטל קוטשום. קוטשום איז אין די
פֿריערדיקע צײַטן געווען אונטערטעניק דעם רוסישן קיסר, אָבער
שפּעטער האָט ער גענומען ווידערשפּעניגן אים און איצט האָט
ער געדראָט הרוב צו מאַכן די סטראָגאַנאָווער שטעט און
שטעטלעך.

און די סטראָגאַנאָווער האָבן נאָכאַמאָל אָנגעשריבן צום
קיסר: „די ערד, וואָס דו האָסט אונז געגעבן, האָבן מיר געמאַכט
דיר אונטערטעניק. איצט בונטעוועט קעגן דיר דער גנבישער
קיסרל קוטשום. ער וויל די ערד זיך צונעמען און אונז צונישט
מאַכן. הײס אונז צו פֿאַרנעמען די ערד פֿון יענער זײַט אוראַ=
לער בערג. מיר וועלן באַזיגן קוטשומען און אויף זײַן גאַנצער
ערד וועלן מיר אַרײַנפֿירן דײַן מאַכט". דער קיסר האָט באַווי=
ליקט און אָפּגעשריבן צוריק: „אויב איר האָט כּוח, נעמט צו בײַ
קוטשומען די ערד, אָבער פֿון רוסלאַנד זאָלט איר קיין סך
מענטשן ניט צונעמען".

באַקומען דעם קיסרס ענטפֿער, האָבן די סטראָגאַנאָווער־
געשיקט זײערע שלוחים צונויפֿרופֿן מענטשן. און דער עיקר
האָבן זײ געמײנט די קאָזאַקן פֿון וואָלגאַ און דאָן. אין יענער
צײַט האָבן אין דער געגנט פֿון וואָלגאַ און דאָן אַרומגעוואַנדערט
אַ סך קאָזאַקן. אַ מחנה פֿון 200, 300 אָדער 600 מאַן קלײַבט
זיך צונויף, ווײַלט זיך אויס אַן אַטאַמאַן און לאָזט זיך אויף
פּלאַכע שיפֿלעך איבער דאָן און וואָלגאַ. אויפֿן וועג כאַפּן די קאָ=
זאַקן איבער גרויסע שיפֿן, באַרויבן זײ, און אויף ווינטער באַזעצן
זײ זיך אויפֿן ברעג.

די סטראָגאַנאָווער שלוחים זײַנען געקומען אין דער געגנט
פֿון וואָלגאַ און גענומען אויספֿרעגן וועלכע קאָזאַקן האָבן דאָ אַ
שם. ענטפֿערט מען זײ: „קאָזאַקן זײַנען דאָ אַ סך. זײ לאָזן שוין

קיינעם ניט לעבן. פאַראַן מישקאַ טשערקאַשענין, פאַראַן סאַריאָזמאַן... אָבער ניטאָ קיין בייזערער פון יערמאַק טימאָפעיטשן, דעם אַטאַמאַן. יענער האָט ביי זיך 1.000 מענטשן. פאַר אים ציטערט דער המון און די סוחרים. אַפילו דעם קיסרס חיל וואַגט ניט צוטרעטן צו אים".

זיינען די סטראָגאַנאָווער שלוחים אַוועק צו יערמאַקן, דעם אַטאַמאַן, און גענומען אים איינריידן ער זאָל צושטיין צו די סטראָגאַנאָווער. יערמאַק האָט אויסגעהערט זייערע רייד און צוגעזאָגט קומען מיט זיין גאַנצן עולם סוף זומער.

און סוף זומער איז דער אַטאַמאַן יערמאַק טימאָפעיטש געקומען צו די סטראָגאַנאָווער מיט זיינע 600 קאָזאַקן. די סטראָגאַנאָווער האָבן אים באַלד געשיקט אויף די נאָענטע טאָטערן. די קאָזאַקן האָבן די טאָטערן צעטריבן און ווען זיי האָבן שוין מער ניט געהאַט וואָס צו טאָן, האָבן זיי גענומען אַרומוואַנדערן איבער דער געגנט און אָפגעבן זיך מיט רויבעריי.

האָט סטראָגאַנאָוו געשיקט רופן יערמאַקן, און האָט אַזוי צו אים געזאָגט: „אויב איר טראַכט אויך אויף ווייטער אַזוי צו לצעווען, קאָן איך אייך מער ביי זיך ניט האַלטן". און יערמאַק ענטפערט אים: „איך אַליין בין אויך ניט צופרידן, אָבער איך קאָן מיט מיין עולם זיך קיין עצה ניט געבן — זיי זיינען שטאַרק צעלאָזט געוואָרן פון אַרומגיין ליידיק—מוזט אונז געבן עפעס אַן אַרבעט". זאָגט סטראָגאַנאָוו: „גייט אַריבער די אוראַלער בערג, האַלט מלחמה מיט קוטשומען, פאַרנעמט זיין ערד—וועט איר האָבן אַרבעט, און דערצו וועט נאָך דער קיסר אייך באַשענקען אויך" און ער האָט באַוויזן יערמאַקן דעם קיסרס בריוו. יערמאַק האָט זיך דערפרייט, צונויפגערופן זיינע קאָזאַקן און געזאָגט צו זיי:

— איר רויבט און רויבט און פאַרשעמט מיר מיין פנים פאַרן בעל־הבית. ער האָט געזאָגט, אַז טאָמער הערט איר ניט אויף, טרייבט ער אייך דורך. וווהין זשע וועט איר גיין? ביי וואָלגאַ שטייט איצט דעם קיסרס חיל. מיר וועלן אַלע אַריינפאַלן אין זייערע הענט. און זיי וועלן זיך אין אונז נוקם זיין פאַר אונזערע פריערדיקע מעשים. אויב אייך איז לאַנגווייליק, האָב איך פאַר אייך אַ גוט שטיקל אַרבעט.

און ער האָט זיי באַוויזן דעם קיסרס בריוו צו סטראָגאַנאָוו, וועגן דער ערלויבעניש צו גיין אויף יענער זייט אוראַלער

בערג, כּדי דאָרט די ערד איינצונעמען. די קאָזאַקן האָבן זיך מישב געווען און מסכּים געווען, און יערמאַק איז באַלד אַוועק צו סטראָגאַנאָוון און גענומען ריידן מיט אים וועגן דעם וועג.

זיי האָבן אַרומגערעדט אַלע פּרטים — וויפיל שיפלעך, ברויט, בהמות, ביקסן, פּולווער און שרויט, וויפיל איבערזעצערס — געפאַנגענע טאָטערן, וויפיל דייטשן — געווער־מייסטערס די קאָזאַקן דאַרפן האָבן מיט זיך אין וועג.

סטראָגאַנאָוו טראַכט זיך: „די מעשה וועט מיר קאָסטן טייער, אָבער איך האָב קיין ברירה ניט. טאָמער בלייבן זיי איבער דאָ, וועלן זיי פון מיר מאַכן אַ תּל". און ער האָט אויף אַלץ מסכּים געווען, אַלץ צוגעגרייט און אויסגעריכט אין וועג אַ־יין יערמאַקן מיט די קאָזאַקן.

דעם ערשטן סעפּטעמבער האָבן די קאָזאַקן, מיט יערמאַקן בראָש, זיך געלאָזט אַרויף מיטן טייך טשוסאַ. זיי זיינען אַרויסגעפאָרן אויף 32 פלאַכע שיפלעך, אין יעדן שיפל צו צוואַנציק מענטשן. נאָך פיר טעג רודערן זיינען זיי צוגעקומען צו דעם זילבערנעם טייך, פון דאָרטן קאָן־מען שוין ווייטער ניט פאָרן. האָבן זיי פונאַנדערגעפרעגט די איבערזעצערס און זיך דערוווסט ביי זיי, אַז מען מוז דאָ אַריבער די בערג, דורכגיין אַ ווערסט צוויי הונדערט מיט דער יבשה, און ערשט דאָרט וועלן זיך ווייטער אָנהייבן טייכן. די קאָזאַקן האָבן זיך אָפּגעשטעלט, אויסגעלאָדן די גאַנצע משא, די שיפלעך געלאָזט שטיין, געמאַכט וואָגנס, אָנגעלאָדן אויף זיי אַלע זאַכן און געלאָזט זיך מיט דער יבשה — איבער די בערג. די מקומות זיינען אָרעם און אָרעם וואַלדיקע און קיין מענטשן זעט מען ניט. צען טעג האָבן זיי געשפּאַנט און ענדלעך אָנגעקומען צו דעם טייך זשעראָוויאַ. זיי האָבן זיך ווייטער אָפּגעשטעלט און גענומען מאַכן שיפלעך. געמאַכט און געלאָזט זיך אַראָפּ מיטן טייך. אין אַ טאָג פינף אַרום זיינען זיי אָנגעקומען אויף נאָך ברייטערע ערטער: לאָנקעס, טייכן פול מיט פיש, וועלדער מיט אַ סך חיות, און די חיות שרעקן זיך ניט פאַר מענטשן. נאָך אין אַ טאָג אַרום זיינען זיי אַרויס אין דעם טייך טוראַ. און דאָ, ביים טוראַ, האָבן זיי שוין אָנגעהויבן צו טרעפן מענטשן און אויך שטעט טאָטערשע.

האָט יערמאַק געשיקט זיינע קאָזאַקן אין איין קליינע שטאָט אַ קוק צו טאָן, וואָס שטעלט מיר זיך די שטאָט פאָר, און צי

איז זי גוט באַוואָרנט. זיינע אַוועק צוואַנציק קאָזאַקן, אַלע איינ=
וווינער איבערגעשראָקן, איינגענומען די שטאָט און דעם גאַנצן
פי צוגענומען. אַ טייל טאָטערן האָבן זיי אויסגעהרגעט און אַ
טייל האָבן זיי געבראַכט צו פירן לעבעדיקערהייט.

און יערמאַק האָט גענומען דורך די איבערזעצערס אויס=
פרעגן די טאָטערן: וואָס זיינען זיי פאַר אַ מענטשן און אונטער
וועמענס מאַכט זיינען זיי אונטערגעוואָרפן? זאָגן די טאָטערן, אַז
זיי זיינען פון דער סיבירער קיניגרייך, און דער קיניג זייערער
הייסט קוטשום.

יערמאַק האָט אָפּגעלאָזט די טאָטערן און נאָר דריי פון זיי,
די מער קליגערע, האָט ער גענומען מיט זיך, כדי זיי זאָלן אים
ווייזן דעם וועג.

שווימען זיי ווייטער. און וואָס ווייטער זיי שווימען, ווערט
דער טייך אַלץ גרעסער; און די ערטער זיינען, וואָס ווייטער
אַלץ בעסערע.

אויך מענטשן האָבן זיי אָנגעהויבן מער צו טרעפן. אָבער
אַלץ נישט קיין שטאַרקער עולם. די קאָזאַקן האָבן אַלע קליינע
שטעט, וואָס זיינען נאָר געשטאַנען ביים ברעג, זייער גרינג
איינגענומען.

אין איין קליינער שטאָט האָבן זיי פאַרכאַפּט אַ סך טאָטערן
און צווישן זיי אויך איינעם אַ בכבודיקן אַלטן טאָטער. האָט מען
גענומען פרעגן דעם טאָטער, ווער ער איז. ענטפערט ער: „איך
בין מאַוזיק, אַ קנעכט פון דעם קיניג קוטשום, און פון אים בין
איך אַוועקגעשטעלט געוואָרן בראש פון דער שטאָט".

האָט יערמאַק גענומען אויספרעגן מאַוזיקן וועגן זיין קיניג:
ווו געפינט זיך די שטאָט זיינע סיביר? צי האָט קוטשום אַ סך
חיל, און צי פאַרמאָגט ער גרויס עשירות? מאַוזיק האָט אַלץ
דערציילט. ער האָט געזאָגט: „קוטשום איז דער גרעסטער קיסר
אויף דער וועלט. די שטאָט זיינע — סיביר — איז די גרעסטע
שטאָט אויף דער וועלט. און אין דער שטאָט, זאָגט ער, זיינען
אַזויפיל מענטשן און בהמות פאַראַן, וויפיל שטערן אין הימל.
און וויפיל חיל קוטשום דער קיסר האָט, איז גאָרנישט צום אי=
בערציילן: אים וועלן אַלע קיסרים אינאיינעם ניט גובר זיין".

און יערמאַק זאָגט: „מיר, די רוסישע, זיינען אַהער געקומען
דיין קיסר גובר צו זיין, זיין שטאָט איינצונעמען און דעם רוסישן

קיסרס מאַכט דאָ אײַנצופירן. חיל האָבן מיר אַ סך. מיר זײַנען נאָר די פאָדערשטע טײל, און אונטן שווימען אויף שיפלעך אָן אַ שיעור קאָזאַקן — גאָרנישט צום איבערציילן. אַלע האָבן זיי ביקסן, און די ביקסן אונזערע לעכערן דורך אַ בוים אויף דורך און דורך, נישט ווי אײַערע פײַל און בויגן. אָט גיב אַ קוק".

יערמאַק האָט אויסגעשאָסן אין אַ בוים, דער בוים האָט זיך צעשפּאָלטן, און די קאָזאַקן האָבן גענומען שיסן פון אַלע זייטן. פון גרויס שרעק איז טאַוזיק אַ פאַל געטאָן אויף די קני. זאָגט צו אים יערמאַק: „איצט גיי צו דײַן קיניג קוטשום און דערצייל אים אַלץ, וואָס דו האָסט געזען. זאָג אים, ער זאָל זיך אונטערגעבן. טאָמער ניט, ברענגען מיר אים אום". און מיט די ווערטער האָט ער אָפּגעלאָזט טאַוזיקן.

און די קאָזאַקן האָבן זיך געלאָזט ווײַטער צו סיביר צו. אַריבער דעם טײַך טאָבאָל, צוגעקומען צום טײַך באַבאַסאַן, זעען זיי — אויפן ברעג שטייט אַ קליינע שטאָט, פון אַלע זייטן מיט באַוואָפנטע טאָטערן אַרומגערינגלט.

די קאָזאַקן האָבן געשיקט די איבערזעצערס צו די טאָטערן, און יענע זײַנען געקומען צוריק מיט אַן ענטפער: „דאָרט שטייט קוטשומס חיל, בראש מיט מאַמעטקולן, קוטשומס אײדעם אַליין. ער האָט געהייסן אײַך איבערגעבן, איר זאָלט זיך שוין נעמען דעם וועג, אַניט מאַכט ער צו אײַך אַלעמען אַ סוף".

יערמאַק האָט גאָרנישט געענטפערט, צונויפגעקליבן די קאָזאַקן, אַרויס אויפן ברעג און גענומען שיסן. ווי נאָר די טאָטערן האָבן דערהערט די שיסערײַ, האָבן זיי באַלד געמאַכט פּליטה. די קאָזאַקן האָבן זיך געלאָזט נאָכיאָגן זיי, און אַ טייל טאָטערן אויסגעהרגעט, אַ טייל געפאַנגען. מאַמעטקול אַליין האָט זיך קוים אַרויסגעדרייט פון זייערע הענט.

די קאָזאַקן זײַנען אַוועק ווײַטער און זײַנען אַרויס אין דעם ברייטן, פליסיקן טײַך אירטיש. אויף דעם טײַך זײַנען זיי געשווומען אַ טאָג און צוגעקומען צו אַ שיינער שטאָט. און באַלד האָט זיך אויף זיי אַ שאָט געטאָן אַ האָגל פון פײַלן, און דריי קאָזאַקן זײַנען פאַרוווּנדעט געוואָרן. האָט יערמאַק געשיקט אַהין די איבערזעצערס מיט אַ באַפעל, אַז די שטאָט זאָל זיך תיכף אונטערגעבן, אַניט מאַכט מען צו איר אַ סוף. די איבערזעצערס זײַנען אַוועק און געקומען מיט אַן ענטפער: „דאָ וווינט קוטשומס

קנעכט אַטיק־מוראַ־קאַטשאַראַ. ער האָט בײַ זיך אַ סך חיל, און וויל זיך ניט אונטערגעבן".

האָט יערמאַק צונויפֿגעקליבן די קאָזאַקן און זאָגט צו זיי:

„הערט זיך אײַן, חבֿרה, טאָמער נעמען מיר ניט די שטאָט, זײַנען מיר פֿאַרפֿאַלענע, די טאָטערן וועלן שוין דאַמאָלסט זײַן אויפֿן פֿערד. וואָס גיכער מיר וועלן אויף זיי אַ פּחד אָנוואַרפֿן, אַלץ געזינטער איז פֿאַר אונז. גייט אַרויס אַלע, גיט זיך אַ לאָז אַלע מיט איין מאָל". האָבן אים די קאָזאַקן געפֿאָלגט. און טאָטערן זײַנען דאָרט געווען אָן אַ שיעור, אַלע היציקע, ממש אַ ברען.

די קאָזאַקן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אויף די טאָטערן און יענע האָבן זיך געכאַפּט צו די בויגנס און פֿאַרשאָטן זיי מיט פֿײַלן. אַ סך קאָזאַקן זײַנען דערהרגעט געוואָרן און אַ סך פֿאַרוווּנדעט געוואָרן.

זײַנען די קאָזאַקן שטאַרק בייז געוואָרן, דורכגעריסן זיך צו די טאָטערן, און ווער עס איז זיי נאָר אונטער דער האַנט געקומען — אַלעמען אויסגעהרגעט.

די שטאָט האָט אַ סך האָב און גוטס פֿאַרמאָגט: בהמות, טעפּיכן, פֿוטער, און האָניק אָן אַ שיעור. האָבן די קאָזאַקן מקבר געווען די טויטע, דעם האָב און גוטס צוגענומען און געלאָזט זיך ווײַטער. אָפּגעשווומען אַ ביסל, זעען זיי — אויפֿן ברעג שטייט אויסגעשטעלט חיל אָן אַ שיעור און אָן אַ ברעג. דער גאַנצער חיל איז אַרומגעגראָבן מיט אַ שוץ־גראָבן און דער שוץ־גראָבן איז פֿאַרוואַלגערט מיט ביימער. די קאָזאַקן האָבן זיך אָפּגעשטעלט און שטאַרק פֿאַרטראַכט זיך. און יערמאַק האָט צונויפֿגערופֿן אַ ראַט: „נו, חבֿרה, וואָס טוט מען איצט?"

די קאָזאַקן האָבן מורא. אייניקע זאָגן: מען דאַרף שווימען פֿאַרבײַ; אַנדערע זאָגן: מען דאַרף צוריק גיין.

און זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט די נעזער, גענומען יערמאַקן שילטן. טענהן: „צוליב וואָס האָסטו אונז אַהער פֿאַרפֿירט? וויפֿל אונזעריקע האָט מען שוין אויסגעהרגעט, וויפֿל פֿאַרוווּנדעט, מיר וועלן דאָ אַלע אומקומען", און זיי האָבן גענומען וויינען.

זאָגט יערמאַק צו זײַן רעכטער האַנט, צו איוואַן קאָלצאָ: „נו, און דו וואַניע, בײַ וואָס האַלטסטו?" ענטפֿערט אים קאָל־

צאָ: „ביי וואָס האַלט איך? אַז אויב ניט היינט, וועט מען אונז מאָרגן הענגען; און אויב נישט מאָרגן, וועלן מיר שטאַרבן אויפן אויוון זיצנדיק. איך מיין — מען דאַרף זיך אַרויסזעצן אויפן ברעג, און ווי אַ פייער זיך אַ לאָז טאָן אויף די טאָטערן. און ווייטער איז — ווי גאָט וועט הייסן".

הופט זיך אָן יערמאַק: „אַזוי, אַזוי, ביזט אַ בראַווער חברה=מאַן, וואַניע! אַזוי דאַרף טאַקע זיין. היי, איר חברה! נישט קיין קאָזאַקן, ווייבער זייט איר, נאָר אויף פיש צו כאַפן און טאָטערשע ווייבער צו שרעקן זייט איר אַפנים געבוירן געוואָרן. זעט איר דען ניט אַליין? פאַרקערעווען מיר אויף צוריק — וועט מען אונז אויסהרגענען; שווימען מיר פאַרביי — וועט מען אונז אויסהרגענען; בלייבן מיר שטיין דאָ — וועט מען אונז אויסהרגענען. וווהין זשע זאָלן מיר זיך אַהין טאָן? שטרענגט מען זיך איינמאָל אָן — ווערט שפעטער גרינגער. אַזוי איז דאָס, חברה=לייט. מיין פאָטער האָט אַמאָל געהאַט אַ געזונטן פערד. פאָרט מען מיט אים באַרג אַראָפ, — פאָרט ער גוט, אויף אַ גלייכן אָרט פירט ער אויך גוט. טאָמער אָבער קומט אוים צו גיין באַרג=אַרויף, עקשנט ער זיך איין, קערעוועט אויף צוריק, מיינט זיך גרינגער מאַכן. וואָס זשע מיינט איר האָט געטאָן מיין פאָטער? ער האָט גענומען אַ שטעקן און האָט אים מיטן שטעקן שיין מכבד געווען. דאָס פערד האָט גענומען דרייען זיך, קלאַפן מיט די פיס און דעם גאַנצן וואָגן צעבראָכן. האָט מיין פאָטער אויסגעשפאַנט אים פון וואָגן און אָפגעשונדן פון אים די הויט. אָבער ווען ער פירט גוט, וואָלט ער דאָך פון קיין שום צרות ניט געוווסט. אַזוי איז מיט אונז אויך, חברה. איין עצה נאָר געבליבן — וואַרפן זיך אויף די טאָטערן".

האָבן זיך די קאָזאַקן צעלאַכט און געזאָגט: „ביזט, אַפנים, טימאָפעיטש, קליגער פון אונז; ניטאָ וואָס ביי אונז, ביי די נאַראָנים, צו פרעגן עצות. פיר אונז, ווי אַזוי דו פאַרשטייסט. צוויי מאָל שטאַרבט מען ניט, און איין טויט איז אַלעמען באַשערט". רופט זיך אָן יערמאַק: „הערט זיך איין, חברה, וואָס מיר האָבן איצט צו טאָן. זיי האָבן נאָך אונז אַלעמען ניט געזען, טאָ לאָמיר זיך צעטיילן אויף דריי חלקים. איין טייל וועט גיין גלייך, און די צוויי אַנדערע וועלן זיך מיט הינטער=וועגן לאָזן אויף לינקס און אויף רעכטס. די טאָטערן וועלן דערזען די

מיטלסטע טייל, וועלן זיי מיינען, אַז מער איז ניטאָ און וועלן אַרויסשפּרינגען אויף אונז. דאַמאָלסט וועלן פֿון ביידע זייטן אָנגרייפֿן די לינקע און רעכטע טיילן. אַזוי איז דאָס, חברה. מען מוז אָט די טאָטערן גובר זיין, און נאָכדעם איז שוין ניטאָ וואָס מורא צו האָבן, — דאַמאָלסט זיינען מיר שוין אַליין פּאַר זיך קיסרים".

אַזוי האָבן זיי טאַקע געטאָן. און ווען די מיטלסטע טייל מיט יערמאַקן בראש האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו די טאָטערן, איז צווישן יענע געוואָרן אַ קוויטשעריי און זיי זיינען אַלע אַרויסגעשפּרונגען אַנטקעגן די קאָזאַקן. און דאָ אַקוראַט גיט פֿון דער רעכטער זייט אַ קלאַפּ איוואַן קאָלצאָ און פֿון דער לינקער מעשעריאַק דער אַטאַמאַן. האָבן זיך די טאָטערן שטאַרק דערשראָקן און זיך געלאָזט לויפֿן. אָבער די קאָזאַקן האָבן זיי דעריאָגט און אַלעמען אויסגעהרגעט. איצט איז שוין ניט געווען קיינער, ווער עס זאָל וואַגן זיך קעגנשטעלן יערמאַקן. אויף אַזאַ אופֿן איז יערמאַק אַריין אין דער שטאָט סיביר און דאָרט זיך, ווי אַן אמתער קיסר, באַזעצט.

פֿאַרשיידענע קיסרימלעך זיינען געקומען צו יערמאַקן אָפּגעבן אים כּבֿוד, אַ סך טאָטערן האָבן זיך באַזעצט אין סיביר. און קוטשום מיט זיין איידעם האָבן מורא געהאַט צוטרעטן צו יערמאַקן, האָבן זיי געפּאַדעט אַרום און אַרום און אַלץ געזוכט מיטלען ווי אַזוי פֿון אים פּטור צו ווערן.

פֿרילינגס=צייט, בשעת די וואַסערן האָבן זיך צעגאָסן, זיינען געקומען צו לויפֿן טאָטערן צו יערמאַקן און אָנגעזאָגט אים: „מאַמעטקול גייט ווייטער אויף דיר, ער האָט אַ סך חיל צונויפֿגעקליבן, אויף דעם טייך וואַגאַי שטייט ער".

האָט זיך יערמאַק מיט זיינע קאָזאַקן געלאָזט איבער טייכן און טייכלעך, איבער בלאָטעס, וועלדער, אונטערגעגנבעט זיך, אַ וואָרף געטאָן זיך אויף מאַמעטקולן, אַ סך טאָטערן אויסגעהרגעט, און מאַמעטקולן אַליין אַ לעבעדיקן געכאַפּט און געבראַכט אים צו פֿירן קיין סיביר. איצט איז שוין איבערגעבליבן אַ קליינע צאָל פֿון די נישט פֿרידלעכע טאָטערן.

און צו די רעשטלעך פֿון זיי האָט יערמאַק זומער=צייט געמאַכט אַ סוף, און דערביי האָט ער אין דער געגנט פֿון די טייכן אירטיש און אָבי אַזויפֿיל ערד איינגענומען, אַז אַפֿילו אין

צוויי חדשים צייט וואָלט מען אויך ניט געקאָנט דעם פאַרכאַפּטן שטח דורכשפּרייזן פון עק ביז עק.

ווען יערמאַק האָט שוין איינגענומען די גאַנצע ערד, האָט ער געשיקט אַ שליח צו די סטראָגאַנאָווער מיט אַ בריוו: „איך, שרייבט ער, האָב איינגענומען קוטשומס שטאָט, מאַמעטקולן געפאַנגען, און אַלע היגע מענטשן מיר אונטערטעניק געמאַכט. אָבער אין די קאָזאַקישע רייען איז אַ סך שיטערער געוואָרן. שיקט אונז צו נאָך מענטשן, כּדי עס זאָל אונז זיין היימלעכער. און עשירות איז דאָ פאַראַן אָן אַ שיעור און אָן אַ ברעג".

און דערביי האָט ער צוגעלייגט טייערע מתּנות — פאַרשיידענעם פוטער: פוקסענעס, סויבלענעס און מאַרדערנעס.

צוויי יאָר זיינען אַדורך, יערמאַק האָט געהאַלטן סיביר אין זיינע הענט, אָבער קיין שום הילף איז אים פון רוסלאַנד נישט אָנגעקומען, און פאַר דער צייט איז ביי יערמאַקן נאָך ווייניקער רוסישע מענטשן געבליבן.

און איינמאָל שיקט צו דער טאָטער קאַראַטשאַ צו יערמאַקן אַ שליח: „מיר האָבן זיך דיר אונטערגעגעבן, און די נאָגייצעס באַליידיקן אונז, — שיק אונז צו הילף דיינע חבֿרה־לייט, וועלן מיר די נאָגייצעס גובֿר זיין. האָב נישט קיין מורא, מיר וועלן דיינע לייט קיין שום שלעכטס ניט טאָן, און דעם גיבן מיר דיר אַ שבֿועה".

האָט יערמאַק זיי געגלויבט און געשיקט פערציק קאָזאַקן מיט איוואַן קאָלצאָ בראש. אָבער ווען די קאָזאַקן זיינען געקומען אויפן אָרט, האָבן זיך די טאָטערן אויף זיי אַרויפגעוואָרפן און אויסגעהרגעט זיי אַלע ביז איינעם. זיינען שוין געבליבן גאָר ווייניק קאָזאַקן.

און אַ צווייטן מאָל האָבן בוכאַרער סוחרים געשיקט אַ ידיעה צו יערמאַקן, אַז זיי האָבן זיך אויסגעקליבן גיין אין דער שטאָט סיביר ברענגען סחורות, אָבער אין וועג שטייט קוטשום מיט זיין חיל און לאָזט זיי ניט דורך.

האָט יערמאַק גענומען מיט זיך פופציק מענטשן און אַוועק אָפּפרייניקן דעם וועג פאַר די בוכאַרער, זיינען זיי געקומען צום טייך אירטיש, אָבער קיין שום בוכאַרער דאָרט ניט געטראָפן. דערווייל איז געוואָרן נאַכט, און די נאַכט איז גראָד געווען אַ פינסטערע און רעגנדיקע, האָבן זיי באַשלאָסן אָפּשטעלן זיך דאָ

איבערנעכטיקן און האָבן זיך אַלע געלייגט שלאָפֿן. פּלוצים זײַנען פֿון אַלע זײַטן אַרויסגעשפּרונגען טאַטערן, אַרומגערינגלט די שלאָפֿנדיקע און גענומען זיי טויטן. יערמאַק איז אויפֿגעשפּרונגען, געפּרוווט אַנטקעגנשטעלן זיך זיי, אָבער באַלד דורך אַ מעסער פֿאַרוווּנדעט געוואָרן אין האַנט און געלאָזט זיך לויפֿן צום טײַך.
און ווען די טאַטערן האָבן אים גענומען שטאַרק נאָכיאָגן, איז ער אַרײַנגעשפּרונגען אין טײַך און מער האָט שוין קיינער פֿון אים ניט געהערט און ניט געזען. מען האָט אַפֿילו זײַן קערפּער ניט געפֿונען, און די פּרטים פֿון זײַן טויט זײַנען געבליבן פֿאַר אַלעמען אַ סוד.
ערשט אויפֿן צווייטן יאָר איז אָנגעקומען דער רוסישער חיל, און די טאַטערן האָבן זיך אײַנגעשטילט.

## די יאַגד.

די מעשה איז געווען בשעת אַ יאַגד אויף בערן. מײַן חבר האָט אויסגעשאָסן אין אַ בער. ער האָט אים פֿאַרוווּנדעט, אָבער געטראָפֿן אין אַ ווייך אָרט. איז נאָר געבליבן אַ ביסל בלוט אויפֿן שניי, און דער בער איז אַוועק.
מיר זײַנען זיך צונויפֿגעקומען אין וואַלד און גענומען מישב זײַן זיך וואָס טוט מען ווײַטער: גיין זוכן דעם בער, אָדער וואַרטן אַ טאָג, צוויי ביז דער בער וועט זיך אַנידערלייגן.
מיר האָבן געפֿרעגט בײַ די מבֿינים, בײַ די פּויערים, צי קאָן מען איצט פּאַקן דעם בער אָדער ניין? אַן אַלטער פּויער האָט געזאָגט: „מען קאָן ניט, מען דאַרף לאָזן דעם בער זיך באַרואיקן. ערשט אין אַ טאָג פֿינף אַרום וועט מען אים קאָנען פּאַקן, אָבער איצט איז ניט כּדאַי גיין נאָך אים, מען וועט אים נאָר דערשרעקן און מער גאָרניט“.
און דער יונגער פּויער האָט זיך געקריגט מיטן אַלטן און געטענהט, אַז דעם בער קאָן מען יאָ פּאַקן: „אין אַזאַ שניי, זאָגט ער, וועט דער בער ווײַט ניט אַוועקגיין, — דער בער איז אַ פּעטער, ער וועט זיך נאָך הײַנט אַוועקלייגן, און טאָמער לייגט ער זיך ניט, קאָן מען אים דאָך אויף די האָלץ-גליטשערס דעריאָגן“.
מײַן חבר האָט געהאַלטן מיטן אַלטן, אַז מען דאַרף צווואַרטן.

האָב איך זיך אָנגערופן: „וואָס דאַרפן מיר זיך שפּאָרן? איר טוט ווי איר פאַרשטייט, און מיר מיט דעמיאַנען וועלן זיך לאָזן נאָכן בער. וועלן מיר אים פּאַקן — איז גוט, טאָמער אָבער ניט — וואָס=זשע ווערן מיר אָן? סיי ווי האָבן מיר דאָך היינט ניט וואָס צו טאָן, און דערצו איז נאָך זייער פרי".

און אַזוי איז געבליבן.

די חברים האָבן זיך אַריינגעזעצט אין די שליטנס און האָבן זיך געלאָזט אין דאָרף אַריין, און איך מיט דעמיאַנען האָבן גענומען פאַר אונז ברויט און זיינען געבליבן אין וואַלד.

ווען יענע זיינען אָפּגעפאָרן, האָב איך מיט דעמיאַנען גוט באַטראַכט אונזערע ביקסן, פאַרקאַטשעט די פוטערס ביז איבערן גאַרטל און אַוועק נאָכן שפּור.

דער וועטער איז געווען אַ שיינער: פראָסטיק און שטיל, אָבער גיין אויף די האָלץ=גליטשערס איז געווען זייער שווער. דער שניי אין וואַלד איז געווען אַ טיפער, אַ ווייכער און נישט קיין איינגעפרעסטער, און אַחוץ דעם איז ערשט נעכטן אַרויסגעפאַלן אַ פרישׁ שנייעלע, אַזוי, אַז די האָלץ=גליטשערס פלעגן יעדע ווײַלע פאַרהרוזניעט ווערן אין שניי.

דער בערן=שפּור האָט זיך געלאָזט זען פון וויטן. ערטערווייז איז דער שניי געווען שטאַרק צעוואָרפן, אין די ערטער איז דער בער, אַפנים, ביזן איבערן בויך אַריינגעפאַלן אין אַ שנייגרוב. לכתחילה האָט דער בער געשפּרייזט איבערן גרויסן וואַלד און שפּעטער האָט ער פאַרקערעוועט אין דעם יעגלעוועלדל.

„מען דאַרף, — האָט זיך דעמיאַן אָפּגעשטעלט, — לאָזן איצט צורו דעם שפּור. דער בער וועט זיך, מן=הסתם, דאָ אַנידערלייגן. מען זעט אויפן שניי, אַז ער האָט זיך שוין אָנגעהויבן צוועצן. לאָמיר אַרומקרייזן דעם אָרט. אָבער מען דאַרף גיין שטילער, ניט שרייען, ניט הוסטן, אַניט וועלן מיר אים איבערשרעקן".

האָבן מיר זיך געלאָזט אויף לינקס פונעם שפּור. דורכגעגאַנגען אַ טריט פינפהונדערט, זעען מיר — דער בערן=שפּור איז וויטער דאָ. זיינען מיר אים אַזוי לאַנג נאָכגעגאַנגען, ביז ער האָט אונז אַרויסגעפירט אויף אַ וועג. און אויפן וועג האָבן זיך אָנגעזען סימנים פון דעם בערס לאַפּעס, וואָס זיינען געווען

אָפּגעחתמעט אויפֿן שניי מיט אַלע זייערע פֿינגער. ערטערווייז האָבן זיך אָנגעזען טריט פֿון אַ פּאָר פֿויערשע מעשטעס. דער וועג האָט, אַפּנים, געפֿירט אין דאָרף אַריין.

זיינען מיר אַוועק מיטן וועג. און דעמיאַן זאָגט: „איצט איז ניטאָ וואָס צו קוקן אויפֿן וועג: דער שניי וועט שוין באַווייזן אין וועלכער זייט ער וועט אַוועקגיין. ערגעץ מוז ער פֿאַרקערעווען, ער וועט דאָך ניט גיין אין דאָרף".

דורכגעגאַנגען לערך אַ ווערסט, זעען מיר — דער שפּור איז אַראָפּ פֿונעם וועג. האָבן מיר זיך גוט צוגעקוקט — אָט אַ וווּנדער! דער שפּור איז דערזועלבער. אָבער ער גייט ניט פֿונעם וועג אין וואַלד אַריין, נאָר פֿונעם וואַלד אויפֿן וועג: מיט די פֿינגער צום וועג צו. זאָג איך: „עס איז אַן אַנדער בער". אָבער דעמיאַן האָט זיך נאָך בעסער צוגעקוקט, אַ טראַכט געטאָן. „ניין, זאָגט ער, — עס איז דער זעלבער בער. ער האָט אונז געוואָלט אָפּנאַרן און איז מיטן הינטן אַראָפּ פֿונעם וועג". און ווען מיר זיינען נאָך אַ ביסל נאָכגעגאַנגען דעם שפּור, האָבן מיר דערזען, אַז דעמיאַן האָט רעכט. דער בער האָט, אַפּנים, אַ טריט צען אָפּגעשפּאַנט מיטן הינטן, געקומען צו אַ סאָסנע, אויסגעדרייט זיך און אַוועק גלייך. דעמיאַן האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער סאָסנע און זאָגט: „איצט וועלן מיר אים, מן-הסתם, פֿאַקן. ער מוז זיך לייגן אין דער בלאָטע, קיין אַנדער אָרט האָט ער ניט. לאָמיר זיך לאָזן אַרום און אַרום".

גייען מיר איבערן געדיכטן יעגלע-וואַלד. איך האָב שוין אָנגעהויבן אַ ביסל מיד צו ווערן, און עס איז מיר געוואָרן נאָך שווערער צו גיין. דאָס פֿאַרטשעפּע איך זיך פֿאַר אַ קאַדיקקוסט, דאָס קריכט מיר צווישן די פֿיס אַריין אַ נאָדל-ביימל, די האָלץ-גליטשערס גליטשן זיך ביי מיר פֿון די פֿיס אַראָפּ, אָדער איך שלאָג זיך גאָר אָן אויף אַ קאָרטשע צי אויף אַ קלאָץ, וואָס אונטערן שניי. איך בין אמת פֿאַרמאַטערט געוואָרן, אַראָפּגענומען פֿון זיך דעם פֿוטער, און דער שווייס גיסט זיך אַזש פֿון מיר. אָבער דעמיאַן שווימט זיך, ווי אויף אַ שיפֿל, און עס דאַכט זיך אויס, אַז זיינע האָלץ-גליטשערס גייען אַליין פֿון זיך: ניט זיי פֿאַרטשעפּען זיך, ניט זיי גליטשן זיך אַראָפּ. דערצו האָט ער נאָך מיין פֿוטער אויך אַריבערגעוואָרפֿן זיך איבערן אַקסל, פֿאָרט און האַלט מיך אין איין אונטערטרייבן.

האָבן מיר געמאַכט אַ קרייז פֿון אַ ווערסט דריי, אַרום און אַרום דער בלאָטע. איך האָב שוין אָנגעהויבן אָפּצושטיין — די האַלץ־גליטשערס קריכן אין אַ זייט, די פֿיס פּלאָנטערן זיך. און דעמיאַן גייט פֿאָרויס. פּלוצים האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, מאַכט מיט דער האַנט. בין איך צו אים צוגעגאַנגען און ער בייגט זיך איין און פּליסטערט: „זעסט, אַ כאַראָקע שרייט אויפֿן בוים. אַ פֿויגל דערשמעקט אים פֿון דער ווייטן. מיר גייען גוט".

נאָך אַ ווערסט דורכגעגאַנגען, האָבן מיר ווייטער אָנגעטראָפֿן אויפֿן אַלטן שפּור. הייסט דאָס, מיר האָבן דעם בער אַרומגעקרייזט, און ער געפֿינט זיך אין דער מיט פֿון אונזער קרייז. זיינען מיר געבליבן שטיין. איך האָב אַראָפּגענומען מיין היטל, צעשפּיליעט זיך, — הײם איז מיר, ווי אין אַ באָד און איך בין איינגאַנצן נאַס, ווי אַ מויז. אויך דעמיאַן איז שוין רויט געוואָרן און ווישט זיך דעם פּנים מיטן אַרבל. „נו, זאָגט ער, מיר האָבן מיט אייך, פֿריץ, אַ פֿיין שטיקל אַרבעט אָפּגעטאָן. איצט קומט שוין אונז אַ ווײַלע אָפּצורוען".

און דורכן וועלדל זעט זיך דער הימל אַרויס, וואָס איז פֿון דער פֿאַרגייענדיקער זון געוואָרן רויט. מיר האָבן זיך געזעצט אויף די האַלץ־גליטשערס אָפּרוען און האָבן אַרויסגענומען פֿון זאַק ברויט און זאַלץ. פֿריער האָב איך געגעסן אַ ביסל שניי און שפּעטער פֿאַרביסן מיט ברויט. און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אַזאַ געשמאַקן ברויט האָב איך נאָך קיינמאָל אין מיין לעבן ניט געגעסן. מיר זיינען געזעסן אַ ביסל, און דערווייל האָט שוין אָנגעהויבן טונקל צו ווערן. „ווייט נאָך צום דאָרף?" — האָב איך געפֿרעגט דעמיאַנען. „יאָ, אַ ווערסט צוועלף וועט נאָך זיין. מיר קאָנען אָנקומען אַהין ביינאַכט. אָבער איצט דאַרף מען אָפּרוען. טו נאָר אָן דעם פּוטער, פֿריץ. קאָנסט זיך נאָך גרינג פֿאַרקילן".

אַ ביסל שפּעטער האָט דעמיאַן אָפּגעבראָכן אַ פּאָר יעגלעצווייגן, אָפּגעטרייסלט פֿון זיי דעם שניי, אויסגעבעט אַ בעט און מיר האָבן זיך געלייגט איינער לעבן צווייטן, מיט די הענט אונטער די קעפּ. ווי אַזוי איך בין אַנטשלאָפֿן געוואָרן, געדענק איך אַליין ניט, נאָר אין אַ שעה צוויי אַרום האָב איך זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון עפּעס אַ קלאַפּ.

איך בין אַזוי שטאַרק געשלאָפֿן, אַז איך האָב פֿאַרגעסן,

ווו איך געפין זיך. קוק איך זיך אַרום אין אַלע זייטן — וואָס איז דאָס פאַר אַ ווונדער, ווו בין איך דאָס אויף דער וועלט? עפעס אַ ווייסן פאַלאַץ זע איך מיט גרויסע ווייסע זיילן און אַרום און אַרום פינקלען פליטערלעך. איך האָב אַ קוק געטאָן אַרויף — און דאָרט זעען זיך אָן ווייסע געמעלן, צווישן די געמעלן אַ פעך שוואַרצער רוים מיט פאַרשיידנפאַרביקע, ברעבענדיקע פייערן. ערשט ווען איך האָב זיך גוט צוגעקוקט, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז מיר געפינען זיך אין וואַלד. די ביימער, וואָס זיינען געווען מיט שניי און געפריר באַשאָטן, האָבן אויסגעזען ווי ווייסע פאַלאַץ=זיילן און די שטערן אין הימל, ווי פינקלדיקע פייע־ן.

ביינאַכט איז אויסגעפאַלן אַ געפריר: מיט אַ געפריר זיינען באַדעקט געוואָרן די צווייגן, מיין פעלץ, אַ געפריר האָט באַשאָטן דעמיאַנען און אַ געפריר האָט ניט אויפגעהערט צו שיטן פון אויבן.

איך האָב אויפגעוועקט דעמיאַנען, מיר האָבן זיך געשטעלט אויף די האָלץ=גליטשערס און מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג. אין וואַלד איז שטיל; מען הערט נאָר, ווי די האָלץ-גליטשערס סקריפען איבערן שניי; ווו ניט ווו טוט אַ קראַך אַ בוים פון פראָסט, און איבערן גאַנצן וואַלד צעטראָגט זיך אַ קנאַק. איינמאָל נאָר האָט זיך לעבן אונז דערהערט אַ רעש פון אַ לעבעדיקער באַשעפעניש, וואָס איז שנעל אַוועקגעלאָפן פון אונז. איך האָב שוין געמיינט, אַז דער בער איז נאָענט. אָבער ווען מיר זיינען צוגעקומען צום אָרט, פון וואַנען דער רעש האָט זיך דערהערט — האָבן מיר דערקענט שפורן פון האָזן. און די אַספּעס, וואָס אַרום און אַרום, זיינען אויך אַרומגעביסן. די האָזן, הייסט דאָס, האָבן זיך דאָ געהאָדעוועט.

אַרויס אויפן וועג האָבן מיר צוגעבונדן די האָלץ=גליטשערס הינטער זיך. צו גיין איז געוואָר־ן אַ סך גרינגער. די האָלץ=גליטשערס שאָקלען זיך איבערן אויסגעטראָטענעם וועג, קלאַפן, דאָס שנייעלע אונטער די שטיוול סקריפעט, אַ קאַלטער געפריר קלעפט זיך צו צום פנים, ווי פעך. און די שטערן, פונקט ווי זיי לויפן אַנטקעגן אונז איבער דער לענג פון די צווייגן. אָט גיבן זיי אַ שיין, אָט פאַרלעשן זיי זיך, און עס דאַכט זיך אויס, אַז דער גאַנצער הימל גייט כאָראָאָם.

ווען מיר זיינען געקומען אין דאָרף, האָבן מיר געטראָפן מיין חבר שלאָפן. איך האָב אים אויפגעוועקט און דערציילט, וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט. שפּעטער האָב איך געהייסן דעם בעל־הבית צונויפרופן פּויערים אויף צו טרייבן דעם בער, אָפּגעגעסן אָוונט־ברויט און זיך געלייגט שלאָפן.

איך בין געווען אַזוי מיד, אַז ווען דער חבר מיינער וועקט מיך ניט אויף, וואָלט איך געוויס אָפּגעשלאָפן ביז מיטאָג. ווען איך בין אויפגעשפּרונגען, האָב איך דערזען, אַז מיין חבר איז שוין אינגאַנצן גרייט. ער האָט זיך געפּאָרעט ביים ביקס.

— און וווּ איז דעמיאַן? — ער איז אין וואַלד. ער איז שוין דאָרט איינמאָל געווען, געקומען צו לויפן צוריק און איצט צום צווייטן מאָל אַוועק מיט די פּויערים. איך האָב זיך אַיינגעוואַשן, אָנגעטאָן זיך, און האָב אָנגעלאָדן די ביקס. באַלד זיינען מיר אויף שליטנס אַוועקגעפאָרן אין וואַלד.

צום וואַלד איז געווען אַ דריי ווערסט וועג. און ווען מיר זיינען צוגעפאָרן, האָבן מיר דערזען אין דער נידער קרייזלט זיך אַ רויך און אַרום דעם פייער זיצט אַ גרויסער עולם: פּויערים און פּויערטעס מיט דובינעס אין די הענט.

זיינען מיר אַראָפּ פון די שליטנס, צוגעגאַנגען צום עולם. די פּויערים זיצן זיך, באַקן קאַרטאָפל, און ווערטלען זיך.

דעמיאַן איז אויך צווישן זיי. דער עולם האָט זיך אויפגעהויבן און דעמיאַן איז אַוועק מיט זיי, כּדי אָנצווייזן זיי זייערע ערטער אַרום אונזער נעכטיקן קרייז. די פּויערים און די פּויערטעס, אַ מאַן דרייסיק, האָבן זיך, ווי אַ שנירל, אַריינגעשניטן אין דער טיף פון וואַלד. מען זעט זיי נאָר אָן ביזן גאַרטל. און איך מיטן חבר האָבן זיך געלאָזט נאָכגיין דעם שפּור.

דאָס שטעגל איז אויסגעטראָטן, אָבער עס איז פּאָרט שווער צו גיין. דערפאַר דאַרפט ניט קיין געפאַר צו פאַלן—פון ביידע זייטן שטייען הויכע קופּעס שניי, ווי צוויי ווענט.

מיט אַ האַלב ווערסט ווייטער איז אונז אַנטקעגן געקומען דעמיאַן. לויפט אויף די האָלץ־גליטשערס, מאַכט מיט דער האַנט, רופט אונז צו זיך. ער האָט אונז געוויזן, וווּ מיר זאָלן זיך שטעלן. איך האָב זיך אַוועקגעשטעלט און גענומען זיך אַרומקוקן אין אַלע זייטן.

לינקס פון מיר שטייען הויכע יעגלע=ביימער; מען זעט דורך זיי ווייט אַרויס. פון יענער זייט ביימער שוואַרצט זיך אַ פויער=געשטאַלט. אַנטקעגן מיר איז אַ געדיכטער יונגער יעגלע=וועלדל, די הייך פון אַ מענטשן. די צווייגן, וואָס הענגען אַראָפּ פון די ביימלעך, זיינען צונויפגעקלעפּט פון שניי. גלייך צו מיר פירט אַ שטעגל, אויך איינגאַנצן אַ פאַרשנייטער. רעכטס—געדיכטער יעגלע=וועלדל, וואָס ענדיקט זיך מיט אַ לאָנקע, און אויף דער לאָנקע, זע איך, שטייט דעמיאַן, וווּזט אָן מיין חבר זיין אָרט.

איך האָב באַטראַכט מיינע ביקסן, אָנגעשטעלט זיי און אָנגעהויבן צו איבערלייגן זיך, ווי אַזוי איך זאָל זיך שטעלן. הינטער מיר, אויף אַ מהלך פון אַ טריט דריי, שטייט אַ גרויסע סאָסנע. אפשר איז גלייך שטעלן זיך לעבן דער סאָסנע און די ביקסן צושפּאַרן צו איר? און איך האָב זיך געלאָזן צו דער סאָסנע, העכער די קני אַריינגעקראָכן אין שניי, אויסגעטראָטן אַרום דער סאָסנע דעם שניי אויף אַ שטח פון אַן אַרשין אָנדערהאַלבן, און האָב זיך דאָרט איינגעאָרדנט. איין ביקס האָב איך גענומען אין די הענט, און די צווייטע, אויך אַן אָנגעשטעלטע, האָב איך צוגעשפּאַרט צום בוים. שפּעטער האָב איך אַרויסגענומען פון זיין שייד און צוריק אַהין אַריינגעלייגט דעם שטעקמעסער, כדי איך זאָל זיין זיכער, אין פאַל פון נויט, אַז ער נעמט זיך גרינג אַרויס.

באַלד האָט זיך דערהערט דעמיאַנס געשריי: „ער איז אַוועק, אַוועק אַ גאַנג! ער איז אַוועק!" און באַלד נאָך אים האָבן זיך געלאָזט הערן אויך די פויערים אַרום און אַרום: „אַוועק! או=או=או!" האָבן געשריען די פויערים מיט כלערליי קולות. „אַי! א=י=ך!" האָבן אונטערגעהאָלפן די ווייבער מיט זייערע דינע קולכנדלעך.

דער בער האָט זיך געפונען אין קרייז, און דעמיאַן האָט אים געטריבן. אַרום און אַרום האָבן געשריען די איבעריקע בערנטרייבער, און נאָר איך מיט מיין חבר זיינען געשטאַנען שטיל, נישט גערירט זיך פון אָרט — געוואַרט אויפן בער. שטיי איך אַזוי מיט אָנגעשטעלטע אויג און אויער. און דאָס האַרץ קלאַפּט ביי מיר הילכיק און שטאַרק. איך האַלט פעסט די ביקס און כאַפּ אַוש אַ ציטער פון אויפרעגונג. אַט=אַט, טראַכט

איך, שפרינגט ער ארויס, איך וועל זיך אָנצילעווען, אויס־שיסן — און ער וועט תיכּף אַ פאַל טאָן... פּלוצים הער איך אַ פאַל אין שניי אַריין, אָבער ווייט פון מיר. גיב איך אַ קוק אין הויכן יעגלע־וועלדל: און דאָרט מיט אַ טריט 50 ווייטער פון מיר שטייט עפּעס אונטער די ביימער, גרויס און שוואַרץ. איך האָב אָנגעשטעלט די ביקס און וואַרט. אפשר וועט ער צולויפן נעענטער, טראַכט איך. איך זע—ער האָט אַ ריר געטאָן מיט די אויערן, אויסגעדרייט זיך און איז אַוועק צוריק. און דאָ האָב איך אים דערזען אין זיין גאַנצער גרייס — שוין: יינמאָל אַ חיה! און איך האָב כאַפּ־לאַפּ אַ שטעל אַרויס געטאָן מיין ביקס — כּלאָפּ! איך הער די קויל האָט אַ קנאַק געטאָן אין אַ בוים, און דורכן רויך דערזע איך, ווי דער בער לאָזט זיך נאָך שנעלער לויפן און ווערט פאַרשווונדן אין וואַלד. נו, טראַכט איך, פאַרשפּילט, איצט וועט ער שוין מער ניט צוקומען אַהער, אים וועט שוין מיין חבר שיסן, אָדער ער וועט אַריינפאַלן צו די פּויערים אין די הענט, יעדנפאַלס וועט שוין ניט מיר אויס־קומען אים הרגענען. שטיי איך, די ביקס ווייטער אָנגעלאָדן און הער זיך צו. די פּויערים שרייען פון אַלע זייטן. אָבער פון דער רעכטער זייט, ניט ווייט פונעם חבר, הער איך — עפּעס אַ פּויערטע שרייט ניט מיט איר קול: „אָט איז ער! אָט איז ער! אַהער! אַהער! אוי־אוי! איי, איי, איי!"

דער בער שטייט איר, אַפּנים, פאַר די אויגן. וואַרט איך שוין אינגאַנצן ניט אויפן בער און קוק רעכטס אויפן חבר. פּלוצים באַווייזט זיך אויפן שטעגל דעמיאַן, אָן די האַלק־גלימשערס, מיט איין שטעקעלע אין האַנט. ער איז צוגעלאָפן צו מיין חבר, צוגעזעצט זיך לעבן אים און מיטן שטעקעלע אים אויף עפּעס אָנגעוויזן. און מיין חבר האָט אַ הייב געטאָן די ביקס און גענומען צילן זיך אין יענער זייט, וואָס דעמיאַן ווייזט אים אָן. כּלאָפּ! — אויסגעשאָסן. נו, טראַכט איך, געהרגעט דעם בער. אָבער איך זע, אַז דער חבר בלייבט שטיין אויפן אָרט.

אַפּנים, ניט געטראָפן. איצט איז שוין דער בער אַוועק נאָך ווייטער, און צו מיר וועט ער שוין ניט אַרויסשפּרינגען. וואָס איז? איך הער פּלוצים — עמיצער פליט, ווי אַ ווירבער, כאַפּעט און גאָר נאָענט שיט זיך שניי. גיב איך אַ קוק — און ער קאַטשעט זיך בליץ שנעל איבערן שטעגל, וואָס צווישן די

געדיכטע יעגלע־ביימער און מען זעט, אַז פון גרויס שרעק ווייסט ער ניט אויף וואָסער וועלט ער איז. אָט איז ער שוין אַ טריט פינף פון מיר, איך זע אים אינגאַנצן, — אַ שוואַרצע ברוסט, אַ ריזיק גרויסער קאָפּ מיט אַ געלן פלעק אינמיטן, דעם שטערן אָנגעשטעלט, פליט ער גלייך אויף מיר און שיט דעם שניי אין אַלע זייטן. איך זע, אַז ער באַמערקט מיך ניט, אַז פון גרויס שרעק פליט ער אויף גאָטס באַראָט, ווהין די אויגן טראָגן אים. אָבער דער וועג מיט וועלכן ער לויפט, שפּאַרט זיך אָן אין דער סאָסנע, ביי וועלכער איך שטיי. האָב איך אַ הייב געטאָן די ביקס, אויסגעשאָסן, אָבער ניט געטראָפן. די קויל האָט זיך פאַרבייגעטראָגן. און ער איז שוין גאָר נאָענט, פליט, זעט מיך נאָך אַלץ ניט. האָב איך ווייטער אַיינגעבויגן די ביקס, דאָס מאָל כמעט זיך אָנגעשפּאַרט מיט איר אין דעם בערס קאָפּ—כלאָפּ! געטראָפן, אָבער ניט אויף טויט.

דער בער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, צוגעדריקט די אויערן און זיך אַ לאָז געטאָן אויף מיר. איך האָב זיך אַ כאַפּ געטאָן צו דער צווייטער ביקס, אָבער ער איז שוין אַרויפגעפלויגן אויף מיר, אַ וואַלגער געטאָן מיך אין שניי אַריין און איז איבערגעשפּרונגען איבער מיר. נו, טראַכט איך, גוט וואָס ער האָט מיך אָפּגעלאָזט. איך האָב געפּ־ווּט זיך אויפהייבן, אָבער איך פיל, אַז עפּעס דריקט מיך צו דער ערד, לאָזט מיר ניט קיין ריר טאָן זיך. ער האָט זיך, פריער, אַפּנים, אין מיטן לויף ניט געקאָנט איינהאַלטן, איז ער אַריבערגעשפּרונגען איבער מיר, אָבער איצט האָט ער זיך אויסגעדרייט און פון הינטן אַרויפגעוואַלגערט זיך אויף מיר מיט זיין ברוסט. הער איך — אַ שווערע משא ליגט אויף מיר, אין פּנים שלאָגט מיר אַ וואַרעמקייט, און איך הער — ער שלעפּט צו זיך אין מויל אַריין מיין פּנים. מיין נאָז איז שוין ביי אים אין מויל און איך פיל אַ היץ און אַ ריח פון בלוט. ער האָט מיט זיינע לאַפּעס זיך אַריינגעקוועטשט אין מיינע פּלייצעס, און איך קאָן זיך קיין ריר ניט טאָן. איך באַמי זיך אַלץ אַרויסרייסן פון זיין מויל דעם פּנים, וויל פאַ־היטן די אויגן און נאָז. און ער וויל דווקא אָנכאַפּן פאַר די אויגן און נאָז. מיט זיינע ציין און אייבערשטן קינבאַק האָט ער אָנגעגריפן מיין שטערן אונטער די האָר, מיטן אונטערשטן קינבאַק אָנגעכאַפּט פאַר די באַקן אונטער די אויגן

און האָט גענומען קוועטשן. עס שניידט מיר אין קאָפּ, ווי מיט מעסער. איך שלאָג זיך, וויל זיך אַרויסרייסן, און ער איילט, גריזשעט ווי אַ הונט — כראָמקעט און כראָמקעט. איך דריי זיך אַרויס, און ער גרייפּט אָן ווייטער. נו, טראַכט איך, אַ סוף. פּלוצים איז מיר גרינגער געוואָרן. איך זע, ניטאָ אים שוין. ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון מיר און איז אַוועקגעלאָפן.

ווען דער חבר מיינער מיט דעמיאַנען האָבן דערזען, אַז דער בער האָט מיך אַ שליידער געטאָן און גריזשעט מיך, האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן צו מיר. אָבער דער חבר האָט פון גרויס איילעניש געמאַכט אַ פעלער. אָנשטאָט דעם ער זאָל לויפן אי־בערן אויסגעטראָטענעם שטעגל, האָט ער זיך געלאָזט גלייך איבערן שניי און איז באַלד געפאַלן. ער האָט אָנגעהויבן אַרויס־צוקלעטערן פון שניי, און דער בער האָט מיך דערווייל גע־גריזשעט. און דעמיאַן, ווי אַזוי ער איז געשטאַנען, אָן אַ ביקס, מיט איין ריטל אין האַנט, האָט זיך געלאָזט איבערן שטעגל מיט אַ געשריי: „ער עסט דעם פריץ, ער עסט דעם פריץ". אַליין לויפט ער און האַלט אין איין שרייען אויפן בער: „אַך, דולער דו! וואָס ער טוט דאָס! לאָז אָפּ, לאָז אָפּ!"

האָט אים דער בער געפאָלגט, אָפּגעלאָזט מיך און איז אַוועקגעלאָפן. ווען איך האָב זיך אויפגעהויבן, האָב איך אונטער זיך דערזען אַ גאַנצן טייך בלוט, פונקט ווי מען וואָלט אַ שעפּס געשחטן.

איבער מיינע אויגן זיינען געהאַנגען פּאַסן פלייש פון מיין שטערן. אָבער אויף דער הייסער מינוט האָב איך קיין ווייטאָג ניט געפילט.

באַלד איז געקומען צו לויפן מיין חבר און דער גאַנצער עולם האָט זיך צונויפגעקליבן. זיי האָבן באַטראַכט מיינע ווונדן און צוגעלייגט צו זיי שניי. אָבער איך האָב ניט געטראַכט וועגן מיינע ווונדן און אַלץ געפרעגט: „ווו איז דער בער? אין וועלכער זייט איז ער אַוועק?" פּלוצים הערן מיר אַ געשריי: „אָט איז ער, אָט איז ער!" און טאַקע — דער בער לויפט ווייטער צו אונז. מיר האָבן זיך ווייטער געכאַפּט צו די ביקסן, אָבער קיינער האָט נאָך ניט באַוויזן אויסצושיסן און דער בער איז שוין ניט געבליבן. ער איז געוועזן שטאַרק צערייצט, אים האָט זיך געוואָלט נאָך אַ ביסל מיך גריזשען, אָבער ער האָט זיך

דערשראָקן פאַרן עולם, אין די שפורן האָבן מיר דערזען, אַז פון קאָפּ גייט ביי אים בלוט. דער עולם האָט זיך שוין געוואָלט זיך לאָזן נאָך אים, אָבער דער קאָפּ האָט מיר שטאַרק אָנגעהויבן צו ווי טאָן, און מיר זיינען אַוועקגעפאָרן אין שטאָט צו אַ דאָקטאָר.

דער דאָקטאָר האָט פאַרנייט מיינע וווּנדן מיט זייד, און זיי האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאַרהיילן.

אין אַ חודש אַרום האָבן מיר זיך ווייטער געלאָזט אויפן בער. אָבער ניט מיר איז אויסגעקומען אים צו שיסן. דער בער איז ניט אַרויס פון זיין באַהעלטעניש, געקרייזט אַרום און אַרום און האָט געברילט מיט אַ שרעקלעכן קול. דעמיאַן האָט אים געהרגעט. פון מיין אַמאָליקן שאָס איז ביי דעם בער געווען איבערגעבראָכן דער אונטער־שטער קינבאַק און אויסגעשלאָגן אַ צאָן.

דער בער איז געווען זייער אַ גרויסער און די פעל זיינע שוואַרץ און וווּנדערבאַר שיין.

איך האָב די פעל אָנגעשטאָפּט, און איצט ליגט זי ביי מיר אין צימער. די וווּנדן אויף מיין שטערן האָבן זיך פאַרהיילט און די סימנים פון זיי זעען זיך קוים אָן.

# מעשיות פון פיזיק.

▪▪▪▪

## מאגנעט.

### .I

פאַרצייטנס איז געווען אַ פּאַסטוך מיטן נאָמען מאַגנעס. איינמאָל איז ביי מאַגנעסן פאַרפאַלן געוואָרן אַ שעפּעלע. איז ער אַוועק זוכן עס אין די בערג. קומט ער צו גיין אין איין אָרט, און דאָרט זיינען נאָר נאַקעטע שטיינער פאַראַן. האָט ער זיך געלאָזט גיין איבער די שטיינער. פּלוצים האָט ער דערפילט, אַז די שטיוול זיינע ווערן צוגעקלעפּט צו די שטיינער. ער האָט אַ פּרווו געטאָן מיט דער האַנט — די שטיינער זיינען טרוקענע, און צו דער האַנט קלעפּן זיי זיך ניט צו. האָט ער זיך געלאָזט ווייטער גיין — קלעפּן זיך די שטיוול ווייטער צו. האָט ער זיך אַוועקגעזעצט, אויסגעטאָן די שטיוול, גענומען איין שטיוול אין דער האַנט און אָנגעהויבן אָנצורירן מיט אים די שטיינער.

ריירט ער אָן מיט דער פּעל אָדער מיטן זויל, קלעפּט זיך דער שטיוול ניט צו, טאָמער אָבער ריירט ער זיי אָן מיט די טשוועקעס, ווערט דער שטיוול תיכף צוגעקלעפּט.

און ביי מאַגנעסן איז געווען אַ שטעקל מיט אַן אייזערנעם עק. ער האָט געפּרווט אָנרירן דעם שטיין מיט דער הילצערנער זייט פונעם שטעקל—קלעפּט ער זיך ניט צו; קוים אָבער האָט ער אָנגערירט מיט דער אייזערנער זייט — האָט זיך דער שטעקן אַזוי צוגעקלעפּט, אַז מען האָט אים קוים אָפּגעריסן.

מאַגנעס האָט באַטראַכט דעם שטיין, זעט ער, אַז דער

שטיין איז ענלעך צו אַיין, האָט ער גענומען מיט זיך אַהיים שטיקלעך פון דעם שטיין. פון יענער צייט אָן האָט מען זיך באַקאַנט מיט דעם שטיין און מען האָט אים אַ נאָמען געגעבן מאַגנעט.

## .II

מאַגנעט געפינט זיך אין דער ערד צוזאַמען מיט אײַזן=ערץ. דער אײַזן פון יענעם אַרץ, וואָס האָט אין זיך מאַגנעט, איז פון דעם בעסטן מין. אויסערלעך איז מאַגנעט ענלעך אויף אײַזן.

ווען מען לייגט אַוועק אַ שטיק אײַזן אויף מאַגנעט, הייבט אויך דער אײַזן אָן צוציען צו זיך אַנדער אײַזן. און ווען מען לייגט אַנידער אַ שטאָלענע נאָדל אויף אַ מאַגנעט און מען האַלט זי אַזוי אַ לענגערע צייט, ווערט די נאָדל אַ מאַגנעט, און הייבט אָן צוציען צו זיך אײַזן. בשעת מען פּרוווט צונויפפירן די עקן פון צוויי מאַגנעטן, זעט מען, אַז איין פּאָר עקן שטויסן זיך אָפּ, און די צווייטע פּאָר קלעפּן זיך איינער צו דעם אַנדערן צו.

און בשעת מען צעהאַקט אַ מאַגנעט=שטעקעלע אויף צווייען, זעט מען, אַז ביידע העלפטן קלעפּן זיך פון איין זייט צו, און פון דער אַנדערער — שטויסן זיי זיך אָפּ. צעהאַקט מען נאָך אַמאָל, — קומט אויס דאָס אייגענע; פּרוווט מען האַקן נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל, וויפיל מען וויל נאָר, חזרט זיך איבער אַלץ די זעלבע מעשה: די עקן פון איין און דער זעלבער זייט שטויסן זיך אָפּ, און די עקן פון פאַרשיידענע זייטן קלעפּן זיך צו, פּונקט ווי פון איין זייט שפּאַרט דער מאַגנעט אַרויס פון זיך, און פון דער אַנדערער ציט ער אין זיך אַריין. און וויפיל מען זאָל אים ניט ברעכן, וועט ער אַלץ פון איין עק אַרויסשפּאַרן פון זיך, און פון דעם אַנדערן — אַריינציען אין זיך. פּונקט די זעלבע מעשה, ווי מיט אַ יאָדלע=צאַפּן — ווי אַזוי מען זאָל אים ניט צעברעכן, וועט פון איין עק בלייבן אַ נאָפּל, און פון דעם אַנדערן — אַ שאָלכנדל. פון וועלכן עק מען זאָל ניט נעמען — וועלן אַ שאָלכנדל מיט אַ נאָפּל זיך שטענדיק צונויפגיין, און אַ נאָפּל מיט אַ נאָפּל, אָדער אַ שאָלכנדל מיט אַ שאָלכנדל וועלן זיך קיינמאָל ניט צונויפגיין.

## .III

ווען מען מאַגנעטיזירט אָן אַ נאָדל (מען האַלט זי אַ לענ־געדע צייט צוזאַמען מיט אַ מאַגנעט) און מען זעצט זי אַרויף מיט דער מיט אויף אַ שטיפטל, אַזוי, אַז זי זאָל זיך אויפן שטיפטל קענען פריי באַוועגן, זעט מען, אַז וויפיל מען זאָל מיט דער מאַגנעט־נאָדל ניט קערעווען, איז ווי נאָר מען לאָזט זי אָפּ, דרייט זי זיך מיט איין עק אוים צו דרום צו, און מיטן אַנדערן — צו צפון צו.

אין די צייטן, ווען מען איז נאָך ניט געווען באַקאַנט מיט מאַגנעט, פלעגט מען זיך ניט לאָזן ווייט אין ים אַריין. ווען מען פלעגט אַרויס ווייט אין ים, דאָרט, וו די ערד זעט זיך שוין ניט אָן, האָט מען נאָר לויט דער זון און שטערן געוווּסט וווהין צו שווימען. און טאָמער איז דער וועטער געווען אַ שלעכטער און קיין זון אָדער שטערן איז ניט געווען צו זען, האָט מען שוין דאַמאָלסט אַליין ניט געוווּסט, וווהין צו שווימען. און דער ווינט פלעגט טראָגן די שיף, שטויסן זי אויף שטיינער און צע־קלאַפּן זי.

און ביז וואַנען מען האָט זיך ניט באַקאַנט מיטן מאַגנעט, פלעגט מען זיך טאַקע נישט אַוועקלאָזן ווייט פונעם ברעג. און ווען מען האָט זיך מיטן מאַגנעט באַקאַנט, האָט מען געמאַכט אַ מאַגנעט־נאָדל אויף אַ שטיפטל אַזוי, אַז די נאָדל זאָל זיך פריי באַוועגן. אַדאַנק דער נאָדל האָט מען שוין געקאָנט וויסן וווהין און אין וועלכער ריכטונג מען שווימט. מיט דער מאַגנעט-נאָדל האָט מען זיך שוין געקאָנט לאָזן ווייטער פון די ברעגן, און פון יענער צייט האָט מען אַ סך נייע ימים אַנטדעקט.

אויף די שיפן איז שטענדיק דאָ אַ מאַגנעט־נאָדל (אַ קאָמ־פּאַס) און אַ מאָס־שטריק מיט קנופּן, וואָס געפינט זיך אויפן עק שיף. די שטריק איז צונעפּעסטיקט אויף אַזאַ אופן, אַז זי צע־וויקלט זיך און זי ווייזט אָן די שטרעקע, וואָס די שיף איז אָפּגעפאָרן.

איצט, ווען מען שווימט אויף אַ שיף, ווייס מען שוין שטענדיק גענוי דעם מהלך פון ברעג און די ריכטונג.

# פייכטקייט.

I

פאַרוואָס מאַכט אַמאָל אַ שפּין אַ געדיכטן שפּינוועבס און אַליין זיצט ער אין דער מיט פונעם נעסט, און אַמאָל גייט ער אַרויס פונעם נעסט און הייבט אָן שפּינען אַ נייעם שפּינוועבס?

אַ שפּין מאַכט זיין שפּינוועבס לויטן וועטער, וואָס איז אין יענעם מאָמענט און לויט דעם וועטער וואָס עס וועט שפּעטער זיין. ווען מען קוקט אויף אַ שפּינוועבס, קאָן מען וויסן, וואָס פאַר אַ וועטער עס וועט זיין. אויב דער שפּין זיצט פאַרשטעקט אין דער מיט פונעם שפּינוועבס, און גייט פון דאָרטן ניט אַרויס, איז אַ סימן, אַז עס וועט רעגענען. טאָמער גייט ער אַרויס פונעם נעסט, און מאַכט נייע שפּינוועבסן, איז אַ סימן, אַז עס וועט זיין אַ גוטער וועטער.

ווי אַזוי קאָן אַ שפּין וויסן פאַרויס, וואָס פאַר אַ וועטער עס וועט זיין?

די חושים פון אַ שפּין זיינען אַזוי פילבאַר, אַז בשעת אין דער לופטן הייבט זיך ערשט אָן זאַמלען אַ פייכטקייט, וואָס מיר פילן זי אַפילו נאָך ניט, און וואָס פאַר אונז איז דער וועטער נאָך שיין, — איז פאַרן שפּין אַלץ איינס, ווי עס זאָל גיין אַ רעגן.

אַ נאַקעטער מענטש וועט באַלד דערפילן אַ פייכטקייט, בשעת אַן אָנגעטוענער וועט זי אַפילו ניט באַמערקן, פּונקט אַזוי גייט שוין פאַר אַ שפּין אַ רעגן, בשעת פאַר אונז קלייבט ער זיך ערשט גיין.

II

פאַרוואָס ווערן טירן ווינטער-צייט פונאַנדערגעשפּרייט און זיי מאַכן זיך ניט צו, און זומער טריקענען זיי איין און מאַכן זיך יאָ צו?

דערפאַר, וואָס הערבסט-צייט און ווינטער-צייט ווערט דאָס האָלץ אָנגעזאַפּט מיט וואַסער, ווי אַ גאָמקע, און דאָס וואַסער צעשפּאַרט אים, און זומער וועבט זיך דאָס וואַסער אויס, און דאָס האָלץ ציט זיך צונויף.

פאַרוואָס ווערט אַ שוואַכער בוים—אָספּע—מער פונאַנ־דערגעשפּרייט, און אַ דעמב—ווינציקער?

דערפאַר, ווייל אין אַ פעסטן בוים — אין אַ דעמב — איז ווינציקער פאַראַן פוסט אָרט, און דאָס וואַסער האָט ניט וווהין צו אַריין, און אין אַ שוואַכן בוים — אין אַן אָספּע — איז פאַ־ראַן מער פוסט אָרט, און דאָס וואַסער האָט וווהין צו אַריין. אין אַ פוילן בוים איז פאַראַן נאָך מער פוסט אָרט, און דערפאַר שפּרייט זיך אַ פוילער בוים מער פון אַלץ פונאַנדער און זעצט זיך מער אַראָפּ.

די קלעצער פאַר בינען מאַכט מען פון דעם שוואַכסטן און פוילסטן בוים: די בעסטע בינשטאָקן זיינען פון אַ פוילן הושענא־בוים. פאַרוואָס טוט מען אַזוי? — ווייל דורך אַ פוילן קלאָץ גייט דורך די לופט און פאַר די בינען איז אין אַזאַ קלאָץ בעסער די לופט.

פאַרוואָס קרימט זיך אויס די פלאַך פון ברעטער?

ווייל זיי טריקענען זיך ניט גלייכמעסיק אויס. ווען מען שטעלט צו אַ פייכטע ברעט מיט איין זייט צו אַן אויוון, גייט פון דאָרטן דאָס וואַסער אַרויס, דאָס האָלץ קוועטשט זיך פון יענער זייט צונויף און גיט אַ שלעפּ נאָך זיך די צווייטע זייט; אָבער די פייכטע זייט קאָן זיך ניט צונויפקוועטשן, דערפאַר וואָס זי האָט אין זיך וואַסער — דאַמאָלכט בייגט זיך די גאַנצע ברעט אויס.

כדי פאַרלאָגעס זאָלן ניט זיין קרום, שניידט מען אָן טרו־קענע ברעטער און די שטיקער קאָכט מען אויס אין אַן אָקראָפּ. ווען דאָס גאַנצע וואַסער זידט אויס, קלעפּט מען די ברעטער צונויף, און זיי קניטשן זיך שוין ניט (פאַרקעט).

## די פאַרשיידענע פאַרבינדונג פון טיילעכלעך.

פאַרוואָס שניידט מען אויס ברעטער פאַר אַ וואָגן און אַקסן פאַר אַ ראָד פון אַ בערעזע, און ניט פון אַ דעמב?

די ברעטער און די אַקסן דאַרפן זיין פעסטע, און דעמב איז דאָך ניט טייערער פון בערעזע.

ווייל אַ דעמב שפּאַלט זיך אין דער לענג, און אַ בערעזע שפּאַלט זיך ניט און ווערט נאָר צעבראָקלט.

אַ דעמב איז פעסטער צוזאַמענגעבונדן, ווי אַ בערעזע,

אָבער ער איז צוזאַמענגעבונדן אויף אַזאַ אופן, אַז ער צענעמט זיך אין דער לענג, און אַ בערעזע צענעמט זיך ניט.

פאַרוואָס מאַכט מען רעדער און אַ שליטנגעשטעל פון דעמב און פון אולמע, און ניט פון בערעזע אָדער לינדנבוים?

ווייל דעמב און אולמע, איז גענוג אויספאַרען אין באָד, אַז זיי זאָלן זיך בייגן און זיך ניט ברעכן דערביי, בשעת בע־רעזע און לינדנבוים צעברעקלען זיך אין אַלע זייטן.

דאָס אַלץ קומט פאָר, ווייל די טיילעכלעך פון אַ דעמב און פון אַ בערעזע זיינען פאַרשידן צונויפגעבונדן צווישן זיך.

## קריסטאַלן.

ווען מען שיט זאַלץ אין וואַסער, און דאָס וואַסער מישט מען דערביי, הייבט זיך אָן די זאַלץ פונאַנדערצולאָזן און ווערט אַזוי צעגאַנגען, אַז מען זעט זי שוין ניט אָן. אָבער אויב מען שיט צו נאָך און נאָך זאַלץ, הערט סוף כל סוף די זאַלץ אויף פונאַנדערצולאָזן זיך און וויפיל מען זאָל ניט מישן, בלייבט איבער אין דעם וואַסער ווייסער פּראָשעק. דאָס וואַסער האָט זיך שוין אָנגעזעטיקט מיט זאַלץ, און קאָן שוין מער קיין זאַלץ ניט אַריינעמען אין זיך. ווען מען וואַרימט אָבער דאָס וואַסער אָן, נעמט עס אין זיך אַריין נאָך זאַלץ; יענע טייל זאַלץ, וואָס האָט זיך אין דעם קאַלטן וואַסער ניט פונאַנדערגעלאָזט, וועט זיך פונאַנדערלאָזן אין הייס וואַסער. נאָר אויב מען וועט אָנ־שיטן נאָך זאַלץ, וועט שוין דאַמאָלסט אַפילו דאָס הייסע וואַסער ניט אַריינעמען אין זיך מער קיין זאַלץ. און אויב מען וועט דאָס וואַסער נאָך מער אָנוואַרימען, וועט עס זיך אויסדרעמפּן און די זאַלץ וועט זיך נאָך אין אַ גרעסערער מאָס אַראָפּזעצן. ביי וואַסער איז פאַראַן אַ באַשטימטע מאָס פאַר יעדער זאַך, וואָס עס צעלאָזט אין זיך און מער פון דער מאָס קאָן עס ניט צעלאָזן. יעדע זאַך צעלאָזט זיך מער אין הייס וואַסער איידער אין קאַלטן, אָבער ווען הייס וואַסער זעטיקט זיך אָן, הערט עס אויך אויף צעלאָזן אין זיך. די זאַך בלייבט אַליין פאַר זיך און דאָס וואַסער דעמפט זיך אויס.

זעטיק אָן וואַסער מיט אַ סאַלפּעטער־פּראָשעק, שפּעטער שיט צו נאָך אַ ביסל סאַלפּעטער, וואַרעם עס אָן און לאָז עס ניט אויסגעמישטערהייט אָפּקילן זיך, וועסטו זען, אַז דער סאַלפּעטער

וועט זיך ניט אָפּזעצן אויפֿן דעק, ווי אַ פּראָשעק, נאָר ער וועט זיך אויסלייגן אין קליינע זעקסווענטלדיקע זיילן, און אַזוי, זייל לעבן זייל, וועט ער זיך אָפּזעצן אויפֿן דעק און אויף די דייטן. און אויב דו וועסט אָנזעטיקן וואַסער מיט סאַלפּעטער-פּראָשעק און דעם געמיש אַוועקשטעלן אין אַ וואַרעם אָרט, וועט זיך דאָס וואַסער אויסדעמפּן, און דער איבעריקער סאַלפּעטער וועט זיך אויך אויסלייגן אין קליינע זעקסווענטלדיקע זיילן.

זעטיק אָן וואַסער מיט פּשוטער זאַלץ, וואַרעם דאָס וואַסער אָן און לאָז עס זיך אויסדעמפּן, וועט זיך די איבעריקע זאַלץ אָפּזעצן, ניט ווי אַ פּראָשעק, נאָר אין פֿאָרם פֿון קוביקעס. זעטיק אָן וואַסער מיט סאַלפּעטער און זאַלץ צוזאַמען, וועט זיך די איבעריקע סאַלפּעטער און די איבעריקע זאַלץ ניט צונויפֿמישן, נאָר זיך אויסלייגן יעדערער אויף זיין שטייגער: דער סאַלפּעטער — אין זיילן, און די זאַלץ — אין קוביקעס.

ווען מען זעטיקט אָן וואַסער מיט קאַלך, אָדער מיט וואָסער ניט איז זאַלץ, אָדער מיט נאָך עפּעס, איז נאָכדעם ווי דאָס וואַסער דעמפּט זיך אויס, לייגט זיך יעדע זאַך אויס אויף איר שטייגער: איין זאַך אין דרייווענטלדיקע זיילעכלעך, די אַנדערע אין אַכטווענטלדיקע, איינע — ציגלווייז, איינע — אין שטערנדלעך, מיט איין וואָרט, יעדע זאַך אויף איר שטייגער. אָט די פֿאַרשיידענע פֿיגורן טרעפֿן זיך ביי אַלע האַרטע קערפּער. אַמאָל זיינען די פֿיגורן די גרויס, ווי אַ האַנט; מען געפֿינט אין דער ערד אַזעלכע שטיינער. אַמאָל זיינען די פֿיגורן אַזוי קליין, אַז מיט קיין פּשוט אויג קאָן מען זיי ניט זען, אָבער יעדער קערפּער האָט זיך זיינע פֿיגורן.

זעטיק אָן וואַסער מיט סאַלפּעטער, און ווען עס וועלן זיך אָנהייבן בילדן פֿיגורן, פּרוב אָפּברעכן מיט אַ נאָדל איין עק פֿון אַ פֿיגור. באַלד וועלן צום אָפּגעבראָכענעם אָרט צושטיין נייע שטיקלעך סאַלפּעטער און זיי וועלן פֿאַרגלעטן דעם אָפּגעבראָכענעם עק אויף אַזאַ אופֿן, אַז עס וועט זיך ווייטער בילדן אַ זעקסווענטלדיק זיילעכל. דאָס זעלבע קומט פֿאָר אויך מיט זאַלץ און מיט יעדער אַנדערער זאַך. אַלע קליינע טיילעכלעך דרייען זיך אַליין אויס און שטעלן זיך צו מיט דער געהעריקער זייט.

בשעת אייז ווערט פֿאַרפֿראָרן, קומט פֿאָר די זעלבע מעשה.

עס פליט אַ שנייעלע — מען זעט ניט אָן קיין שום פי־
גור; אָבער קוים זעצט זיך דאָס שנייעלע אָפּ אויף עפּעס אַ
טונקעלער און קאַלטער זאַך, אויף געוואַנט, אויף פוטער,—קאָן
מען באַמערקן אַ פיגור: מען דערזעט אַ שטערנדל אָדער אַ
זעקסווינקלדיק ברעטל. דער דאַמף שטייט ווינטער־צייט צו
צו די פענסטער אין אַ פאָרם פון אַ שטערנדל.

וואָס אַזוינס איז אייז? — דאָס איז אַ קאַלט, פעסט
וואַסער. ווען פון אַ פליסיקן וואַסער ווערט פעסט וואַסער,
לייגט זיך דאָס וואַסער אויס אין פיגורן און עס גייט אַרויס
פון דעם די וואַרעמקייט. דאָס אייגענע קומט פאָר מיט סאַל-
פעטער: בשעת פון פליסיקן סאַלפּעטער בילדן זיך פעסטע פי־
גורן, גייט פון אים אַרויס די וואַרעמקייט. דאָס אייגענע איז מיט
זאַלץ, דאָס אייגענע מיט צעשמעלצטן גוס־אייזן, בשעת פון אַ
פליסיקן ווערט ער אַ פעסטער. בשעת אַ קערפּער גייט איבער
פון אַ פליסיקן צושטאַנד אין אַ פעסטן, לאָזט ער פון זיך
דערביי אַרויס די וואַרעמקייט, און לייגט זיך אויס אין פיגורן.
און בשעת אַ קערפּער גייט איבער פון אַ פעסטן צושטאַנד אין
אַ פליסיקן, נעמט ער אַריין אין זיך וואַרעמקייט, די קעלט גייט
פון אים דערביי אַרויס, און די פיגורן ווערן צעלאָזט.

נעם צעשמאָלצענעם אייזן און לאָז אים זיך אָפּקילן; נעם
הייסן טייג און לאָז אים זיך אָפּקילן; נעם געלאָשענעם קאַלך
און לאָז אים זיך אָפּקילן — וועט זיין וואַרעם. נעם אייז און
צעלאָז אים — וועט ווערן קאַלט. נעם סאַלפּעטער, זאַלץ
אָדער אַן אַנדער קערפּער, וואָס קאָן צעלאָזט ווערן אין וואַסער,
און צעלאָז אים — וועט ווערן קאַלט. כּדי מען זאָל מאַכן
געפרוירן פאַרפרוירנס, שיט מען אַריין אין דעם וואַסער זאַלץ.

## שעדלעכע לופט.

איינמאָל אין אַ חגא איז דער עולם פון דעם דאָרף ני־
קאָלסק אַוועק אין קלויסטער. אויפן פריצישן הויף זיינען אי־
בערגעבליבן די קי־אויפזעערין, דער סטאַראָסטע און דער פערד־
יונג. די קי־אויפזעערין איז געגאַנגען צום ברונים נאָך וואַסער,
דער ברונים איז געווען אויפן הויף. זי האָט אַרויסגעשלעפּט
דעם קיבל, אָבער אַרויסגעלאָזט פון די הענט. דער קיבל האָט

זיך אויסגעגליטשט, זיך אָנגעשלאָגן אין דעם ווענטל פונעם ברונים און האָט אָפּגעריסן די שטריק, די פרוי האָט זיך צוריקגעקערט אין שטוב אַריין און האָט געזאָגט צום סטאַראָסטע:

אַלעקסאַנדר! קריך נאָר אַראָפּ, מיין טייערער, אין ברונים — איך האָב אַרויסגעלאָזט דעם קיבל פון די הענט

אַלעקסאַנדר האָט געזאָגט:

— דו האָסט אַרויסגעלאָזט, טאָ קריך זשע נאָך אים.

מילא, זאָגט די פרוי, זי וועט שוין אַליין אַראָפּקריכן. זאָל ער זי נאָר אַראָפּלאָזן אַהין.

און דער סטאַראָסטע טרייבט שפּאַס מיט איר און זאָגט צו איר:

— נו, קום — דו ביזט איצט אויפן ניכטערן האַרצן, וועל איך דיר איינהאַלטן; נאָכן מיטאָג וואָלט שוין געווען שווער איינצוהאַלטן.

דער סטאַראָסטע האָט צוגעבונדן אַ שטעקן צום שטריק, די פרוי האָט זיך געזעצט רייטנדיק אויפן שטעקן, זיך אָנגענומען פאַרן שטריק און גענומען אַראָפּקריכן אין ברונים, און דער סטאַראָסטע האָט מיט דער הילף פונעם ראָד זי אַהין אַראָפּגעלאָזט. דער ברונים האָט געהאַלטן זעקס אַרשין די טיף, אָבער וואַסער איז אים געווען נאָר אויף איין אַרשין. דער סטאַראָסטע האָט פּאַמעלעך געדרייט די ראָד און יעדע וויילע געפרעגט: „נאָך, צי שוין?" די פרוי האָט פון דאָרטן געשריען: „נאָך אַ ביסל!"

פּלוצים האָט דער סטאַראָסטע דערפילט, אַז די שטריק איז געוואָרן גרינג; ער האָט אַ רוף געטאָן די פרוי, אָבער זי האָט אים ניט געענטפערט. דער סטאַראָסטע האָט אַריינגעקוקט אין ברונים און האָט דערזען, אַז די פרוי ליגט מיטן קאָפּ אין וואַסער און מיט די פיס אַרויף. דער סטאַראָסטע האָט גענומען שרייען און רופן מענטשן; אָבער קיינער איז ניט געווען. געקומען איז נאָר דער פערד-יונג. דער סטאַראָסטע האָט אים געהייסן האַלטן די ראָד, אַליין האָט ער אַרויסגעשלעפּט די שטריק, זיך אַרויפגעזעצט אויפן שטעקן און גענומען אַראָפּקריכן אין ברונים.

ווי נאָר דער פערד-יונג האָט אַראָפּגעלאָזט דעם סטאַראָסטע ביז צו דעם וואַסער, איז מיטן סטאַראָסטע פאָרגעקומען

די זעלבע מעשה. ער האָט אַרויסגעלאָזט פון די הענט די שטריק און איז אַ פאַל געטאָן אַראָפ מיטן קאָפ גלייך אויף דער פרוי. דער פערד-יונג האָט גענומען שרייען, שפּעטער האָט ער זיך געלאָזט לויפן צום קלויסטער רופן מענטשן. די תפילה האָט זיך שוין געווען געענדיקט, און דער עולם איז שוין געגאַנגען צוריק. אַלע מענער און פרויען האָבן זיך געלאָזט צום ברונים. אַלע האָבן זיך צונויפגעקוועטשט לעבן ברונים, יעדערער שרייט זיך זיינס, אָבער קיינער ווייס ניט, וואָס צו טאָן. דער יונגער טעסלער איוואַן האָט זיך דורכגעשטופּט צווישן דעם עולם צום ברונים, געכאַפּט די שטריק, זיך אַרויפגעזעצט אויפן שטעקן און געהייסן מען זאָל אים אַראָפלאָזן. אָבער פריער האָט ער זיך צוגעבונדן צום שטריק מיט זיין גאַרטל. צוויי האָבן אים אַראָפגעלאָזט, און אַלע איבעריקע האָבן געקוקט אין ברונים, וואָס וועט זיין מיט איוואַנען, און ווי נאָר ער איז צוגעקומען צו דעם וואַסער, האָט ער אַרויסגעלאָזט פון די הענט די שטריק. ער וואָלט געוויס געווען פאַלן מיטן קאָפ אַראָפ, ווען דער גאַרטל וואָלט אים ניט צוגעהאַלטן. אַלע האָבן זיך צעשריען: „שלעפ אים צוריק!" און מען האָט איוואַנען צוריק אַרויסגעשלעפט.

ער איז געהאַנגען אויפן גאַרטל, ווי אַ טויטער, זיין קאָפ איז אַראָפגעהאַנגען און האָט זיך אָפגעשלאָגן אין די ווענטלעך פונעם ברונים. זיין פנים איז געווען ברוין און בלוי. מען האָט אים אַרויסגענומען, אַראָפגענומען פונעם שטריק און אַוועקגעלייגט אויף דער ערד. מען האָט שוין געמיינט, אַז ער איז טויט, אָבער ער האָט שווער אַן אָטעם געטאָן, גענומען ניסן און איז געקומען צו זיך.

דאַמאָלסט האָט מען נאָך אַמאָל געוואָלט קריכן אין ברונים, אָבער אַן אַלטער פויער האָט געזאָגט, אַז מען טאָר אַהין ניט קריכן, ווייל די לופט אין ברונים איז אַ שלעכטע און אַז די שלעכטע לופט הרגעט מענטשן. דאַמאָלסט האָבן די פויערים געבראַכט צו טראָגן האָקנשטאַנגען און גענומען אַרויסשלעפן דעם סטאַראָסטע און די פרוי. די מוטער און די ווייב פון דעם סטאַראָסטע האָבן געיאָמערט ביים ברונים, אַנדערע האָבן זיי איינגענומען, און די פויערים האָבן געשטופט אין ברונים די האָקנשטאַנגען און האָבן באַמיט זיך אַרויסצושלעפן די טויטע.

צוויי מאָל האָבן זיי צונעשלעפּט דעם כּמאַראָסטע פּאַר זיינע בגדים ביזן העלפט פונעם ברונים; אָבער ער איז געווען אַ שווערער, די בגדים זיינע האָבן זיך דורכגעריסן, און ער איז געפאַלן אַראָפּ. לסוף האָט מען אים פאַרטשעפּעט מיט צוויי האָקנשטאַנגען און מען האָט אַרויסגעשלעפּט אים, און דערנאָך די פרוי. זיי זיינען ביידע געווען טויט און מען האָט זיי שוין ניט אָפּגעמינטערט.

שפּעטער ווען מען האָט גענומען באַטראַכטן דעם ברונים, איז מען טאַקע דערגאַנגען, אַז אונטן אין דעם ברונים איז געווען אַ שלעכטע לופט.

שלעכטע לופט קאָן אַמאָל זיין אַזוי שווער, אַז ניט קיין מענטש און ניט קיין שום חיה קאָנען ניט לעבן אין איר.

מען האָט אַראָפּגעלאָזט אין דעם ברונים אַ קאַץ, און ווי נאָר זי איז צוגעקומען צום אָרט, וו די לופט איז געווען אַ שלעכטע, איז זי באַלד געשטאָרבן. און ניט נאָר קיין חיה קאָן דאָרט ניט לעבן — אַ ליכט קאָן דאָרט אויך ניט ברענען. מען האָט אַראָפּגעלאָזט אַ ליכט, און ווי נאָר די ליכט איז צוגעקומען צו יענעם אָרט, איז זי באַלד פאַרלאָשן געוואָרן.

פאַראַן אונטער דער ערד ערטער, וו די שלעכטע לופט קלייבט זיך צונויף, און יעדער ווער עס טרעפט אָן אויף אַזאַ אָרט, שטאַרבט באַלד. דעריבער מאַכט מען אין די שאַכטגריבער לאָמפּן, און איידער אַ מענטש לאָזט זיך אַראָפּ אַהין, שיקט מען פריער אַהין דעם לאָמפּ. אויב דער לאָמפּ ווערט פאַרלאָשן, טאָר דער מענטש אויך אַהין ניט גיין. דאַמאָלסט לאָזט מען אַהין אַריין אַזוי פיל ריינע לופט, אַז דער פייער זאָל קאָנען ברענען.

לעבן דער שטאָט נעאַפּאָל איז פאַראַן אַ הייל. די שלעכטע לופט האַלט זיך דאָרט אויף אונטן אויף אַן אַרשין די הייך, און העכער—איז די לופט אַ גוטע. דער מענטש קאָן אַרומגיין איבער דער הייל און עס וועט אים גאָרניט ניט שאַטן; אָבער זאָל פרוון אַהין אַריינגיין אַ הונט, וועט ער באַלד דערשטיקט ווערן.

פון וואַנען נעמט זיך די שלעכטע לופט?—זי נעמט זיך פון דער זעלבער גוטער לופט, וואָס מיר אָטעמען מיט איר. זאָלן זיך צונויפקלייבן אַ סך מענטשן אין איין אָרט און די טירן און

די פענסטער זאָלן דערביי זיין פאַרמאַכט, וועט ווערן פונקט אַזאַ לופט, ווי אין ברונים, און די מענטשן וועלן אויסשטאַרבן.

מיט הונדערט יאָר צוריק האָבן די אינדיאַנער אויף אַ מלחמה געפאַנגען 146 ענגלענדער און פאַרשפאַרט זיי אין אַן אונטערערדישער הייל, וווהין קיין לופט האָט ניט געקאָנט צוקומען.

נאָכדעם ווי די געפאַנגענע ענגלענדער זיינען דאָרט אָפּגעווען עטלעכע שעה, האָט זיי אָנגעהויבן צו פאַרפעלן אָטעם, און צום סוף נאַכט זיינען פון זיי 123 געשטאָרבן, און די איבעריקע זיינען פון דאָרטן אַרויס קוים לעבעדיקע. לכתחילה איז די לופט אין דער הייל געווען אַ גוטע, אָבער ווען די געפאַנגענע האָבן אויסגעעטעמט די גאַנצע גוטע לופט, און קיין פרישע לופט איז ניט צוגעקומען, — איז געוואָרן אַ שלעכטע לופט, אַזאַ ווי אין ברונים, און זיי זיינען געשטאָרבן. פאַרוואָס ווערט אַ שלעכטע לופט פון אַ גוטער, ווען עס קלייבן זיך צונויף אַ סך מענטשן? ווייל מענטשן עטעמען איין די גוטע לופט, און עטעמען אויס די שלעכטע.

## ווי מען מאַכט לופט=באַלאָנען.

ווען מען נעמט אַן אָנגעבלאָזענעם פענכער, מען טונקט אים איין אין וואַסער און מען לאָזט אים דאַמאָלסט אָפּ, שפרינגט ער אַרויף אויף דער אייבערפלאַך פון דעם וואַסער און הייבט אָן אַרומצושווימען. בשעת מען זידט אויף אַ טאָפּ וואַסער, ווערט דאָס וואַסער אויפן דעק איבערן פייער, גאַזאַרטיק. און ווען עס קלייבט זיך צונויף אַ ביסל וואַסער=גאַז, שפרינגט ער אַרויס, ווי אַ בלעזל, אַרויף. פריער שפרינגט אַרויף איין בלעזל, שפעטער דער אַנדערער, און ווען דאָס גאַנצע וואַסער וואַרעמט זיך אָן, שפרינגען שוין אַרויף די בלעזלעך אָן אַן אויפהער; דאָס וואַסער ז י ד ט דאַמאָלסט.

די בלעזלעך, וואָס זיינען אָנגעבלאָזן מיט וואַסער=גאַז, שפרינגען אַרויף, ווייל זיי זיינען גרינגער פון דעם וואַסער. פונקט אַזוי שפרינגט אַרויף הויך אין דער לופט אַ פענכער, וואָס איז אָנגעבלאָזן מיט וואַסער=שטאָף, אָדער מיט הייסער לופט, ווייל הייסע לופט איז גרינגער פון אַלע גאַזן.

די לופט־באַלאָנען מאַכט מען פון וואַסער־שטאָף און פון הייסער לופט. די לופט־באַלאָנען פון וואַסער־שטאָף מאַכט מען אויף אַזאַ אופן: מען נעמט אַ גרויסן פענכער, מען בינדט אים צו מיט שטריק צו דרענגער און מען פילט אים אָן מיט וואַסער־שטאָף. ווי נאָר מען בינדט אָפּ די שטריק, גיט דער פענכער אַ פלי אַרויף און פליט אַזוי לאַנג ביז ער שפרינגט ניט אַרויס פון דער לופט, וואָס איז שווערער פון וואַסער־שטאָף. און ווען ער שפּרינגט אַריין אין דער גרינגער לופט, הייבט ער אָן אַרומשווימען איבער דער לופט, ווי אַ פענכער איבער דעם וואַסער. די לופט־באַלאָנען פון הייסער לופט מאַכט מען אַזוי: מען מאַכט אַ גרויסן פוסטן באַלאָן מיטן העלזל אַראָפּ, ווי אַן איבערגעקערטער קרוג, אין העלזל פעסטיקט מען צו אַ שטיקל בוימוויל, דעם בוימוויל נעצט מען איין אין ספירט און מען צינדט עס אָן. פון דעם פייער וואַרעמט זיך אָן די לופט אין באַלאָן און זי ווערט גרינגער פון דער קאַלטער לופט. דאַמאָלסט גייט דער באַלאָן אַרויף, ווי אַ פענכער גייט פון דעם וואַסער אַרויף. און דער באַלאָן פליט אַרויף אַזוי לאַנג, ביז ער גייט ניט אַריבער אין אַ לופט, וואָס איז גרינגער פון דער הייסער לופט אין באַלאָן.

מיט כמעט הונדערט יאָר צוריק האָבן צוויי פראַנצויזן — די ברידער מאָנגאָלפיאָר — צוגעטראַכט די לופט־באַלאָנען און זיי האָבן געמאַכט אַ באַלאָן פון לייוונט מיט פּאַפּיר, און האָבן אַריינגעלאָזט אַהין הייסע לופט: דער באַלאָן איז אַוועקגעפלויגן. דאַמאָלסט האָבן זיי געמאַכט אַ גרעסערן באַלאָן, צוגעבונדן צו אים פון אונטן אַ שעפּס, אַ האָן און אַ קאַטשקע און האָבן אים אַזוי אָפּגעלאָזט. דער באַלאָן האָט זיך אויפגעהויבן און האָט זיך בשלום אַראָפּגעלאָזט. שפּעטער האָט מען שוין צוגעמאַכט צום באַלאָן אַ שיפעלע, און אין שיפעלע האָט זיך אַריינגעזעצט אַ מענטש. דער באַלאָן איז אַרויפגעפלויגן אַזוי הויך, אַז מען האָט שוין אים ניט אָנגעזען; ער איז זיך געפלויגן אַ ביסל און שפּעטער האָט ער זיך בשלום אַראָפּגעלאָזט. שפּעטער האָט מען צוגעטראַכט אָנצופילן די באַלאָנען מיט לופט־שטאָף און מען האָט גענומען פליען נאָך העכער און גיכער.

כדי מען זאָל קאָנען פליען מיט אַ לופט־באַלאָן, בינדט מען צו פון אונטן אַ שיפעלע, און אין דעם שיפעלע זעצן זיך

אַריין צוויי, דריי און אַפילו אַכט מענטשן. זיי נעמען אויך מיט זיך מיט עסן און טרינקען.

כּדי אַראָפּצולאָזן זיך און אויפצוהייבּן זיך, ווען מען וויל, ווערט אין לופט־באַלאָן געמאַכט אַ קלאַפּע. די קלאַפּע קאָן יעדערער, וואָס פליט, אַ ציִ טאָן פאַר אַ שטריקל און עפענען זי אָדער פאַרמאַכן. ווען דער באַלאָן הייבּט זיך אויף צו הויך און דער, וואָס פליט, וויל אים אַראָפּלאָזן, עפנט ער אויף די קלאַפּע — דער גאַז גייט אַרויס, דער לופט־באַלאָן קנייטשט זיך איין און הייבּט זיך אָן אַראָפּצולאָזן. אַחוץ דעם, געפינען זיך שטענדיק אויפן לופט־באַלאָן זעק מיט זאַמד. עס איז גענוג אַראָפּצוואַרפן אַ זאַק, אַז דער לופט־באַלאָן זאָל ווערן גרינגער, און ער זאָל זיך אויפהויבּן העכער. אויב עמיצער, בשעתן פליען, הייבּט זיך אָן אַראָפּצולאָזן און דערזעט, אַז אונטן איז ניט גלאַט — אַ טייך אָדער אַ וואַלד, שיט ער אַרויס דעם זאַמד פון די זעק, דער לופט־באַלאָן ווערט גרינגער און הייבּט זיך אויפסניי אויף.

## גאַלוואַניזם.

אַמאָל האָט געלעבּט אַן איטאַליענישער געלערנטער מיטן נאָמען גאַלוואַני. ער האָט געהאַט אַן עלעקטרישע מאַשין, און ער פלעגט ווייזן פאַר זיינע תּלמידים, וואָס אַזוינס איז עלעק־טריע. ער האָט גענומען אויף אַ שטיקל זייד אַ ביסל שמירעכץ, שטאַרק אָנגעריבּן מיט דעם אַ שטיקל גלאָז און שפּעטער צוגע־טראָגן צום גלאָז אַ מעשענע קייקעלע, וואָס איז געווען פאַר־פעסטיקט אויך אויף גלאָז. פון גלאָז איז איבּערגעשפּרונגען אַ פונק אין דעם מעשענעם קייקעלע. ער האָט זיינע תּלמידים גע־געבּן צו פאַרשטיין, אַז פונקט אַזאַ פונק לאָזט אַרויס פון זיך אויך טריוואַקס און בערנשטיין. ער האָט זיי באַוויזן, אַז פעדערלעך און פאַפּירלעך ווערן אַמאָל צוגעצויגן און אַמאָל אָפּגעשטויסן דורך עלעקטריע, און האָט זיי ערקלערט פאַרוואָס דאָס קומט אַזוי פאָר. ער האָט געמאַכט פאַרשיידענע פּרוון מיט עלעקטריע און אַלע פּרוון באַוויזן פאַר זיינע תּלמידים.

איינמאָל איז בּיי אים קראַנק געוואָרן זיין ווייב. ער האָט גערופן דעם דאָקטאָר און געפרעגט בּיי אים מיט וואָס זאָל ער

זי הײלן. דער דאָקטאָר האָט געהײסן אָפּקאָכן פאַר איר אַ יויך פון פרעש. גאַלוואַני האָט געהײסן כאַפּן פרעש צום עסן. מען האָט זײ געכאַפּט פון זײנעטװעגן, געטײט זײ און אַנידערגע=לײגט זײ צו אים אױפן טיש.

די קעכערין איז ניט באַלד געקומען נאָך די פרעש. גאַל=וואַני האָט דאַמאָלסט געװיזן פאַר די תּלמידים די עלעקטרישע מאַשין און האָט געלאָזט פון איר פונקען.

פּלוצים האָט ער דערזען, אַז די טויטע פרעש דריגען מיט די פיס אויפן טיש: ער האָט זיך גענומען צוקוקן און האָט באַ=מערקט, אַז יעדן מאָל, וואָס ער לאָזט אַרויס אַ פונק פון דער עלעקטרישער מאַשין, גיבן די פרעש אַ דריגע מיט די פיס. גאַלוואַני האָט געכאַפּט נאָך פרעש און גענומען אויספּרוון זיי. און יעדן מאָל איז אויסגעקומען, אַז ווען ער לאָזט אַ פונק, הייבן די טויטע פרעש אָן צו רירן מיט די פיס, ווי לעבעדיקע.

האָט דאַמאָלסט גאַלוואַני אַ טראַכט געטאָן, אַז אפשר רירן די טויטע פרעש מיט די פיס טאַקע דערפאַר, וואָס עס גייט דורך אין זיי עלעקטריע. און גאַלוואַני האָט געוווסט, אַז עלעקטריע איז פאַראַן אויך אין דער לופט, אַז אין טרי=וואַקס, אין בערנשטיין און אין גלאָז לאָזט זיך די עלעקטריע מער באַמערקן, אָבער זי געפינט זיך אויך אין דער לופט, און אַז אַ שטורעם און אַ בליץ נעמען זיך פון דער לופט=עלעקטריע.

האָט ער טאַקע גענומען אויספּרוון צי די טויטע פרעש וועלן ניט וואַרפן מיט די פיס אויך פון דער לופט=עלעקטריע. צו=ליב דעם צוועק האָט ער גענומען פרעש, אָפּגעשונדן פון זיי די הויט, אָפּגעשניטן די קעפּ און די פאָדערשטע פיסלעך און האָט זיי צוגעהאַנגען מיט דער הילף פון מעשענע האַטשיקעס צום דאַך, אונטער דער אײַזערנער רינע. ער האָט געטראַכט, אַז ווען עס וועט ווערן אַ שטורעם און אין דער לופט וועט זיין אַ סך עלעקטריע, וועט דורך דעם מעשענעם דראָט די עלעקטריע אַריין אין די פרעש און זיי וועלן זיך אָנהייבן רירן.

אָבער אַ שטורעם האָט זיך איבערגעחזרט עטלעכע מאָל, און די פרעש האָבן זיך ניט גערירט. גאַלוואַני האָט זיי שוין גענומען אַראָפּנעמען, אָבער בשעת מעשה האָט ער אָנגערירט מיט אַ פיסל פון אַ פראָש צו דער רינע — און דער פוס האָט אַ דריגע געטאָן. גאַלוואַני האָט אַראָפּגענומען די פרעש און

גענומען אויספּרוּוון זיי אַזוי: ער האָט צוגעבונדן צום מעשענעם האַטשיק אַן אײַזערנעם דראָט און מיטן דראָט אָנגערירט די פֿיסל פֿונעם פֿראָש — דאָס פֿיסל האָט געדריגעט.

דאַמאָלסט האָט גאַלוואַני טאַקע באַשלאָסן, אַז אַלע חיות לעבן נאָר דערפֿאַר, וואָס זיי האָבן אין זיך עלעקטריע, די עלעקטריע שפּרינגט איבער פֿון מוח אין פֿלייש אַרײַן, און דעריבער באַוועגן זיך די חיות. קיינער האָט עס נאָך דאַמאָלסט די זאַך ניט אויסגעפּרוּווט, ווי עס באַדאַרף צו זײַן, און אַלע האָבן געגלייבט גאַלוואַני אויפֿן וואָרט. אָבער אין דער זעלבער צײַט האָט אַן אַנדער געלערנטער, וואָלטאַ, גענומען פּרוּוון אויף זײַן שטייגער, און ער האָט באַוויזן אַלעמען, אַז גאַלוואַני האָט זיך טועה געווען. ער האָט געפּרוּווט אָנרירן די פֿרעש ניט אויף אַזאַ אופֿן, ווי גאַלוואַני האָט עס געטאָן, — ניט מיט קיין מעשענעם האַטשיק און אײַזערנעם דראָט, נאָר אָדער מיט אַ מעשענעם דראָט און מעשענעם האַטשיק, אָדער מיט אַן אײַזערנעם דראָט און אײַזערנעם האַטשיק, — און די פֿרעש האָבן זיך ניט גערירט. די פֿרעש האָבן זיך גערירט נאָר דאַמאָלסט, ווען וואָלטאַ האָט זיי אָנגערירט מיט אַן אײַזערנעם דראָט, וואָס איז געווען פֿאַראייניקט מיט אַ מעשענעם דראָט.

איז וואָלטען אײַנגעפֿאַלן, אַז די עלעקטריע געפֿינט זיך ניט אין דעם טויטן פֿראָש, נאָר אין דעם אײַזן און מעש. ער האָט גענומען פּרוּוון, און ווירקלעך: ווי נאָר מען האָט צונויפֿגעפֿירט אײַזן און מעש, איז געוואָרן עלעקטריע, און פֿון דער עלעקטריע האָבן שוין געדריגעט מיט די פֿיס די טויטע פֿרעש. האָט וואָלטאַ טאַקע גענומען פּרוּוון — ווי אַזוי אַרויסברענגען עלעקטריע אויף אַ נײַעם אופֿן, ניט אַזוי ווי מען האָט פֿריער אַרויסגעבראַכט... פֿריער האָט מען די עלעקטריע אַרויסגעבראַכט דורך דעם, וואָס מען האָט אָנגעריבן גלאָז אָדער טריוואַקס, און וואָלטאַ האָט די עלעקטריע אַרויסגעבראַכט דורך דעם, וואָס ער האָט צונויפֿגעפֿירט אײַזן מיט מעש צוזאַמען. ער האָט געפּרוּווט צונויפֿפֿירן אײַזן אין מעש און אַנדערע מעטאַלן און דורך דער באַהעפֿטונג פֿון די מעטאַלן — זילבער, פּלאַטין, צינק, צין און אײַזן — האָט ער אַרויסגעבראַכט עלעקטרישע פֿונקען.

נאָך וואָלטען האָט מען גענומען פֿאַרשטאַרקן די עלעקטריע

דורך דעם, וואָס מען האָט צווישן די מעטאַלן אָנגעגאָסן פאַר־
שײדענע פליסיקײטן—וואַסער און װײַרס. פון די פליסיקײטן
איז די עלעקטריע געװאָרן נאָך שטאַרקער, אַזוי, אַז מען האָט
שוין ניט געדאַרפט, ווי פריער, רײַבן, כּדי אַרויסצוברענגען
עלעקטריע. עס איז שוין גענוג געװען אַרײַנצולײגן אין אײן כּלי
שטיקלעך פון פאַרשײדענע מעטאַלן און אָנגיסן אַהין די פליסי־
קײט — כּדי אין דער כּלי זאָל זײַן עלעקטריע און עס זאָל
אַרויס אַ פונק פון דעם דראָט.

װען מען האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם נײַעם אופן צו
באַקומען עלעקטריע, האָט מען גענומען אויסנוצן די עלעקטריע
אין לעבן. מען האָט אָנגעהויבן אָפּגילדן און זילבערן מיט עלעק־
טריע, מען האָט צוגעטראַכט די עלעקטרישע באַלײַכטונג און
מיט דער הילף פון עלעקטריע האָט מען אָנגעהויבן איבערצו־
געבן צײכנס פון אײן אָרט אויפן צווייטן, אויף אַ ווייטן מהלך.

צוליב דעם דאַרף מען אַרײַנלײגן אין גלעזלעך שטיקלעך
פון פאַרשײדענע מעטאַלן און אָנגיסן אַהין פליסיקײטן. אין די
גלעזלעך זאַמלט זיך אָן עלעקטריע. די עלעקטריע פירט מען
איבער דורך אַ דראָט אין וואָס פאַר אַן אָרט מען וויל, און
פון יענעם אָרט פירט מען דעם דראָט אַרײַן אין דער ערד. די
עלעקטריע לויפט אין דער ערד צוריק צו די גלעזלעך און
הײבט זיך אויף צו זײ דורך אַן אַנדער דראָט.

אַזוי דרײט זיך די עלעקטריע אָן אַן אויפהער, ווי אין אַ
רינג — דורך דעם דראָט אין דער ערד און צוריק דורך דער
ערד, און ווײַטער דורכן דראָט, און ווײַטער דורך דער ערד.
די עלעקטריע קאָן גײן אין אײן זײַט און אין דער אַנדערער,
װוּהין מען וויל זי לאָזן: זי קאָן גײן פריער דורך דעם דראָט
און אומקערן זיך דורך דער ערד, אָדער פריער גײן דורך דער
ערד און אומקערן זיך דורכן דראָט. אין דער הײך איבערן
דראָט — אין יענעם אָרט װוּהין מען שיקט די צײכנס — איז
צוגעמאַכט אַ מאַגנעטישער װײַזער. דער װײַזער גיט זיך אַ קער
אין אײן זײַט, ווען מען לאָזט די עלעקטריע אַהין
דורך דעם דראָט און צוריק דורך דער ערד, און
ער גיט זיך אַ קער אין דער צווייטער זײַט, ווען
מען לאָזט די עלעקטריע אַהין דורך דער ערד און צו־
ריק דורכן דראָט. דער װײַזער װײַזט אָן אויף פריער באַ־

שטימטע צייכנס און לויט די צייכנס פאַרשטענדיקן זיך די טע־
לעגראַף־אַנשטאַלטן.

## זון־וואַרעמקייט.

גיי אַרויס ווינטער אין אַ שטילן פראָסטיקן טאָג אין פעלד אָדער אין וואַלד, גיב אַ קוק אַרום זיך און הער זיך צו: אַרום און אַרום איז שניי, די טייכן זיינען פאַרפרוירן, די טרוקענע גרעזלעך טאָרטשען פון אונטערן שניי, די ביימער שטייען נאַ־קעט, קיין זאַך רירט זיך ניט.

גיב אַ קוק זומער: די טייכן לויפן, רוישן; אין יעדער בלאָטקעלע שרייען די פרעש, פּלעסקען זיך; די פייגל פליען אַרום, צווייטשערן, זינגען; די פליגן, די מוקן דרייען זיך, זשו־זשען; די ביימער, גרעזער וואַקסן, וויגן זיך.

פריר איין אַן אייזערנעם טאָפּ מיט וואַסער, — וועט ער פאַרשטיינערט ווערן. שטעל אַנידער דעם פאַרפרוירענעם טאָפּ אויפן פייער: דער אייז וועט נעמען פּלאַצן, צעגיין, רירן זיך; דאָס וואַסער וועט אָנהייבן וויגן זיך, בלעזלען זיך; שפּעטער, ווען עס וועט אָנהייבן צו זידן, וועט עס זיך צעהודען און נעמען דרייען זיך. דאָס אייגענע ווערט אויף דער וועלט פון וואַרעמקייט. ניטאָ קיין וואַרעמקייט — איז אַלץ טויט; פאַראַן וואַרעמקייט — באַוועגט זיך אַלץ און לעבט. ווייניק וואַרעמקייט — ווייניק באַ־וועגונג, מער וואַרעמקייט—מער באַוועגונג, אַ סך וואַרעמקייט— אַ סך באַוועגונג, זייער אַ סך וואַרעמקייט — זייער אַ סך באַ־וועגונג.

פון וואַנען נעמט זיך די וואַרעמקייט אויף דער וועלט?— די וואַרעמקייט נעמט זיך פון דער זון.

די זון גייט אַרום ווינטער נידעריק, מיט אַ זייט, שפּאַרט ניט אָן מיט די שטראַלן אין דער ערד — און קיין זאַך רירט זיך ניט. הייבט נאָר אָן די זון צו גיין העכער איבער די קעפּ, הייבט זי נאָר אָן צו שיינען גלייך אויף דער ערד — וואַרעמט זיך אַלץ אויף דער וועלט אָן און אַלץ הייבט זיך אָן צו רירן.

דער שניי הייבט אָן אַראָפּצוועצן זיך, דער אייז אויף די טייכן לאָזט, עס גיט זיך אַ גאָס דאָס וואַסער פון די בערג. פון דעם וואַסער הייבן זיך אויף אין די וואָלקנס פאַרעם — עס

גייט אַ רעגן. ווער האָט עס אַלץ געמאַכט? — די זון. די זוי־
מען גייען אָפּ, לאָזן אַרויס שפּראָצן, די שפּראָצן פאַרטשעפּען
זיך פאַר דער ערד; פון די אַלטע וואָרצלען גייען אַרויס נייע
שפּראָצן, הייבן אָן צו וואַקסן ביימער און גרעזער. ווער האָט
עס געטאָן? — די זון.

עס שטייען אויף בערן, מוילוואָרפן; עס כאַפּן זיך אויף
פליגן, בינען, עס ווייזן זיך מוקן; עס קומען אויף דער וואָרעם
אַרויס פיש פון די אײַעלעך. ווער האָט אַלץ געטאָן?—די זון.

די לופט וואַרעמט זיך אָן אויף איין אָרט — הייבט זי
זיך אויף, און איר אָרט פאַרנעמט אַ קעלטערע לופט — ווערט
אַ ווינט. ווער האָט עס געטאָן? — די זון.

עס הייבן זיך אויף די וואָלקנס, הייבן אָן צונויפגיין און
פונאַנדערגיין זיך — עס גיט אַ בליץ. ווער האָט געמאַכט דעם
פייער? — די זון.

עס וואַקסן אויס גרעזער, פירות, ביימער; די חיות זעטיקן
זיך אָן, די מענטשן עסן זיך אָן און קלייבן אָן שפּייז און הייצ־
מאַטעריאַל; די מענטשן בויען זיך אויס הייזער, בויען אויס באַ־
נען, שטעט. ווער האָט עס אַלץ צוגעגרייט? — די זון.

אַ מענטש האָט זיך אויסגעבויט אַ שטוב. פון וואָס האָט
ער זי געמאַכט? — פון קלעצער. די קלעצער זיינען אויסגע־
האַקט געוואָרן פון ביימער. די ביימער האָט אויסגעוואַקסן
די זון.

אַ אייזן הייצט מען מיט האָלץ. ווער האָט אויסגעוואַקסן
דאָס האָלץ? — די זון.

אַ מענטש עסט ברויט, קאַרטאָפל. ווער האָט עס אויסגעוואַ־
קסט? — די זון.

אַ מענטש עסט פלייש. ווער האָט אויסגעהאָדעוועט די
חיות, עופות? — די גרעזער. און די גרעזער האָט אויסגעוואַ־
קסט די זון.

אַ מענטש בויט אַ שטיינערנע שטוב פון ציגל און קאַלך.
די ציגל און קאַלך ברענט מען מיט דער הילף פון האָלץ. און
האָלץ האָט צוגעגרייט די זון.

די זון האָט צוגעגרייט אַלץ, וואָס מענטשן דאַרפן, און
אַלץ פון וואָס מענטשן האָבן אַ נוץ, האָט אין זיך אַ סך זון־
וואַרעמקייט. אַלע דאַרפן האָבן ברויט, ווייל די זון האָט עס

אויסגעבאָוועט, און עס האָט אין זיך אַ סך זון־וואַרעמקייט. ברויט וואַרעמט דעם, וואָס עסט אים.

דערפאַר דאַרף מען האָבן האָלץ און קלעצער, ווייל זיי האָבן אין זיך אַ סך וואַרעמקייט. ווער עס קויפט האָלץ אויף ווינטער, דער קויפט איין זון־וואַרעמקייט, און ווינטער צינדט ער אָן דאָס האָלץ און לאָזט אַריין די זון־וואַרעמקייט צו זיך אין צימער אַריין.

און ווען עס איז דאָ וואַרעמקייט, איז אויך דאָ באַוועגונג. יעדער מין באַוועגונג קומט אַרויס פון וואַרעמקייט: אָדער גלייך פון דער זון־וואַרעמקייט, אָדער פון יענער וואַרעמקייט, וואָס די זון האָט צוגעגרייט אין קוילן, אין האָלץ, אין ברויט און אין גראָז.

פערד, אָקסן פירן, מענטשן אַרבעטן, ווער באַוועגט זיי? — די וואַרעמקייט. און פון וואַנען האָבן זיי גענומען די וואַרעמקייט? — פון שפּייז. און שפּייז ווערט פאַרגרייט דורך דער זון.

וואַסער־מילן און ווינט־מילן דרייען זיך און מאָלן. ווער באַוועגט זיי? — דער ווינט און דאָס וואַסער. און ווער טרייבט דעם ווינט? — די וואַרעמקייט. און דאָס וואַסער ווער טרייבט? — אויך די וואַרעמקייט. זי האָט אויפגעהויבן די וואַסער־דאַמפן אַרויף, אָן דעם וואָלט דאָס וואַסער ניט געפאַלן אַראָפּ. די מאַשין אַרבעט, זי באַוועגט זיך אַדאַנק דעם דאַמף. און דעם דאַמף ווער מאַכט? — האָלץ. און אין האָלץ געפינט זיך זון־וואַרעמקייט.

פון וואַרעמקייט ווערט באַוועגונג — און פון באַוועגונג — וואַרעמקייט. און סיי וואַרעמקייט, סיי באַוועגונג נעמט זיך פון זון.

# מעשיות פון זאאלאגיע.

■■■■

## די סאָווע און דער האָז.

עס איז געוואָרן פינסטער. די סאָוועס האָבן גענומען אַרומפליען איבערן וואַלד — זוכן פאַר זיך אַ ביסן.

אַ גרויסער גרויער האָז איז אַרויסגעשפרונגען אויף דער לאָנקע און גענומען זיך אַרומפוצן. די אַלטע סאָווע האָט אַ קוק געטאָן אויפן גרויען האָז און האָט זיך געזעצט אויף אַ צווייג; און די יונגע סאָווע זאָגט: „פאַרוואָס זשע כאַפסטו ניט דעם האָז?" די אַלטע ענטפערט: „ניט פאַר אונזערע כוחות, — דער האָז איז צו גרויס: דו וועסט זיך איינקלאַמערן אין אים, און ער וועט דיך אַוועקשלעפן אין דער געדיכטעניש". און די יונגע סאָווע זאָגט: „און איך וועל זיך מיט איין לאַפע איינקלאַמערן, און מיט דער צווייטער וואָס גיכער זיך אָנכאַפן פאַר אַ בוים".

און די יונגע סאָווע האָט זיך געלאָזט נאָכן האָז, זיך איינגעקלאַמערט מיט דער לאַפע אין זיין פליצע אַזוי, אַז אַלע נעגל זיינען אַהין אַריין, און די צווייטע לאַפע האָט זי צוגעגרייט, כדי אָנצוכאַפן זיך פאַר אַ בוים. און ווי נאָר דער האָז האָט גענומען שלעפן די סאָווע, האָט זי זיך אָנגעכאַפט מיט דער צווייטער לאַפע פאַרן בוים און טראַכט זיך דערביי: „ער וועט זיך ניט אויסדרייען". דער האָז האָט זיך אַ לאָז געטאָן און האָט צעריסן די סאָווע. איין לאַפע איז געבליבן אויפן בוים, די צווייטע אויף דער פליצע ביי דעם האָז. איבער אַ יאָר האָט אַ יעגער געהרגעט דעם האָז און האָט זיך זייער געחידושט, וואָס ביי אים אויף דער פליצע זיינען פאַרוואַקסענע סאָווישע נעגל.

## ווי אַזוי וועלף לערנען זייערע קינדער.

איך בין געגאַנגען אין וועג און איך האָב דערהערט פון הינטן אַ געשריי. געשריען האָט עס אַ יינגל אַ פּאַסטוך. ער איז געלאָפן מיטן פעלד און געוויזן אויף עמיצן מיטן פינגער.

איך האָב אַ קוק געטאָן און איך האָב דערזען — צוויי וועלף לויפן איבערן פעלד: איינער אַן עלטערער, דער צווייטער אַ יונגער. דער יונגער האָט געטראָגן אויף דער פּלייצע אַ גע־קוילעט לעמעלע, און מיט די ציין געהאַלטן עס פאַרן פוס. דער עלטערער וואָלף איז געלאָפן פון הינטן.

ווען איך האָב דערזען די וועלף, האָב איך צוזאַמען מיט די פּאַסטובער זיך געלאָזט לויפן נאָך זיי, און מיר האָבן אָנגע־הויבן צו שרייען. אויף אונזער געשריי זיינען געקומען צו לויפן די דאָרפס־לייט מיט זייערע הינט.

ווי נאָר דער אַלטער וואָלף האָט דערזען די הינט און דעם עולם, איז ער צוגעלאָפן צום יונגן, האָט אַרויסגעכאַפּט ביי אים דאָס לעמעלע, אַריבערגעוואָרפן זיך איבער דער פּליי־צע און ביידע וועלף האָבן זיך געלאָזט לויפן ווייטער און זיי זיינען פאַרשוואונדן.

דאַמאָלסט האָט דער יינגל אָנגעהויבן צו דערציילן, ווי די מעשה איז געווען; פון אַראָפּהאַנג איז אַרויסגעשפּרונגען אַ גרוי־סער וואָלף, האָט געכאַפּט דאָס לעמעלע, געקוילעט אים און אַוועקגעטראָגן.

אַנטקעגן אים איז אַרויסגעלאָפן אַ קליין וועלפל און ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום לעמעלע. דער אַלטער האָט אָפּגעגעבן דאָס לעמעלע דעם יונגן וואָלף אויף צו טראָגן, און אַליין האָט ער זיך געלאָזט לויפן לעבן אים.

נאָר ווען עס איז געקומען די צרה, האָט דער אַלטער איבערגעריסן דעם לערנען און האָט אַליין גענומען דאָס לעמעלע.

## האָזן.

האָזן האָדעווען זיך ביינאַכט מיט דער קאָרע פוןביימער; פעלד־האָזן האָדעווען זיך מיט ווינטער־קאָרן און מיט גראָז, און די שייער־האָזן — מיט קאָרן־קערנער אין די שייערן. דורך

דער נאַכט מאַכן די האָזן אויפֿן שניי טיפֿע, בולטע שפּורן. אויף האָזן זיינען בעלנים סיי מענטשן, סיי הינט, סיי וועלף, סיי פֿוקסן, סיי ראָבן, סיי אָדלערס. ווען דער האָז וואָלט געשטעלט פּשוטע און גלייכע טריט, וואָלט מען זיין שפּור באַלד געפֿונען אינדערפֿרי און מען וואָלט אים געכאַפּט, אָבער גאָט האָט דעם האָז געגעבן פּחדנות, און זיין פּחדנות ראַטעוועט אים.

ביינאַכט שפּרייזט דער האָז איבער פֿעלדער און וועלדער אָן שום מורא און לייגט דורך גלייכע שפּורן; אָבער ווי נאָר עס קומט דער פֿרימאָרגן, ווען זיינע שונאים כאַפּן זיך אויף און דער האָז דערהערט, ווי הינט בילן, שליטנס סקריפּען, פּויערים ריידן און אַ וואָלף קראַכט אין וואַלד, הייבט ער אָן פֿון גרויס שרעק זיך וואַרפֿן פֿון איין זייט אויף דער אַנדערער. גיט ער אַ שפּרונג פֿאָרויס, דערשרעקט זיך פֿאַר עפּעס און לאָזט זיך לויפֿן צוריק איבער זיין פֿריערדיקן שפּור. דערהערט ער נאָך עפּעס אַ רעש און מיט גרויס אימפּעט גיט ער אַ שפּרונג אין אַ זייט און לויפֿט אַוועק פֿון זיין שפּור. עפּעס גיט ווייטער אַ קלאַפּ,—דרייט זיך דער האָז ווייטער אויס און לויפֿט ווייטער אַוועק אין אַ זייט. ערשט ווען עס ווערט שוין אינגאַנצן ליכטיק, לייגט זיך דער האָז אַוועק.

אינדערפֿרי הייבן אָן די יעגער באַטראַכטן די שפּורן פֿון דעם האָז, אָבער זיי פּאַרפּלאָנטערן זיך אין די צווייערליי שפּורן און אין די ווייטע שפּרונגען און זיי חידושן זיך אויף די איינפֿאַלן פֿון די האָזן. אָבער עס האָט דאָ גאָרנישט צו טאָן מיט קיין שום איינפֿאַלן. דער האָז האָט נאָר פּשוט פֿאַר אַלץ מורא.

## דער שמעק-חוש.

דער מענטש זעט מיט די אויגן, הערט מיט די אויערן, שמעקט מיטן נאָז, פּרוווט מיט דער צונג און טאַפּט מיט די פֿינגער. ביי איין מענטשן זעען די אויגן בעסער, און ביי אַ צווייטן ערגער. איינער הערט פֿון דערווייטן, דער צווייטער איז טויב. ביי איינעם איז דער שמעק-חוש שטאַרקער, און ער פֿילט, ווי עס שמעקט פֿון דערווייטן, און דער צווייטער מעג שמעקן אַ פֿויל איי און ער וועט גאָרנישט ניט פֿילן. איינער קאָן דורכן

טאַפּן דערקענען יעדע זאַך, און דער צווייטער וועט מיטן טאַפּן גאָרנישט ניט דערגיין, ער וועט ניט אונטערשיידן קיין האָלץ פון פּאַפּיר. איינער וועט נאָר נעמען אין מויל אַריין און ער וועט שוין וויסן, וואָס עס איז זיס, און דער צווייטער וועט אַפילו נאָכן דערשלינגען אויך ניט וויסן, וואָס עס איז ביטער און וואָס זיס.

אַזוי זיינען אויך ביי פאַרשיידענע חיות די חושים ניט גלייך. אָבער ביי אַלע חיות איז דער שמעק-חוש שטאַרקער, ווי ביי אַ מענטשן.

אַ מענטש, בשעת ער וויל זיך באַקאָנען מיט אַ זאַך, באַטראַכט ער זי, הערט זיך צו, ווי די זאַך רוישט, אַמאָל גיט ער זי אַ שמעק אָדער ער פאַרזוכט זי; אָבער פריער פון אַלץ וועט אַ מענטש, כדי צו באַקאָנען זיך מיט אַ זאַך, זי באַטאַפּן.

און פאַר חיות, כמעט פאַר אַלע, איז נייטיקער פאַר אַלץ אַ שמעק צו טאָן יעדע זאַך. אַ פערד, אַ וואָלף, אַ הונט, אַ קו, אָדער אַ בער וועלן ניט דערקענען קיין שום זאַך, ביז וואַנען זיי וועלן זי ניט קיין שמעק טאָן.

בשעת אַ פערד האָט פאַר עפּעס מורא, פאָרשקעט ער—רייניקט זיך דורך די נאָז, כדי בעסער צו דערפילן דעם ריח, און ער האָט אַזוי לאַנג מורא, ביז וואַנען ער שמעקט ניט אַרום די זאַך.

אַ הונט לויפט אָפט נאָך נאָך זיין בעל-הביתס שפור, אָבער ווען ער דערזעט דעם בעל-הבית — דערשרעקט ער זיך, דערקענט אים ניט, הייבט אָן צו בילן און בילט אַזוי לאַנג, ביז ער שמעקט ניט אַרום דעם בעל-הבית און דערוויסט זיך ניט, אַז דאָס, וואָס האָט אַזוי דערשראָקן זיין אויג, איז דער בעל-הבית אַליין.

אָקסן קאָנען צוזען ווי מען שעכט אָקסן, הערן ווי זיי רעווען אין שעכט-הויז, און זיי זאָלן ניט פאַרשטיין, וואָס עס טוט זיך. אָבער עס איז גענוג, אַז אַ קו אָדער אַן אָקס זאָל אָנטרעפן אויף אַן אָרט מיט אָקסן-בלוט און אַ שמעק טאָן דאָס בלוט, כדי ער זאָל פאַרשטיין דעם אמת. דאַמאָלסט הייבט ער אָן צו רעווען, שלאָגן מיט די פיס און מען קאָן אים שוין בשום אופן ניט אָפּטרייבן פון אָרט.

ביי איין אַלטיטשקן איז קראַנק געוואָרן זיין פרוי; ער איז אַוועק אַליין מעלקן די קו. די קו האָט אַ פאָרשקע געטאָן, זיך

דערוווסט, אַז דאָס איז ניט איר בעל־הביתטע, און זי האָט ניט געגעבן קיין מילך. די בעל־הביתטע האָט געהייסן דעם מאַן אָנצוטאָן איר פּעלצל און איר שאַל — די קו האָט געגעבן מילך; אָבער דער אַלטער האָט זיך צעבראַסטעט, די קו האָט אַ שמעק געטאָן און ווייטער אויפגעהערט צו געבן מילך.

בשעת יאַג־הינט לויפן נאָך אַ שפּור פון אַ חיה, לויפן זיי קיינמאָל ניט גלייך איבערן שפּור, נאָר פון אַ זייט, מיט אַ טריט 20 ווייטער פון דעם שפּור. ניט קיין געניטער יעגער פּרווט אַמאָל אַרויפפירן דעם הונט אויפן שפּור פון דער חיה און שטופּט דעם הונט מיטן נאָז גלייך אויפן שפּור, אָבער דער הונט שפּרינגט שטענדיק אָפּ אין אַ זייט. פאַרן הונט שמעקט דער שפּור אַזוי שטאַרק, אַז ער קאָן זיך ניט פונאַנדערקלייבן און ווייסט ניט צי די חיה איז געלאָפן פאָרויס אָדער צוריק. ער לויפט אָפּ אין אַ זייט און ערשט דאַמאָלסט דערשמעקט ער פון וועלכער זייט קומט דער ריח, און לאָזט זיך לויפן נאָך דער חיה. ער טוט דאָס זעלבע, וואָס מיר, בשעת מען שרייט צו אונז אין אויער אַריין: מיר גייען אָפּ און ערשט דאַמאָלסט פון דערווייטן קלייבן מיר זיך פונאַנדער, וואָס מען רעדט. אָדער ווען די זאַך, וואָס מיר באַטראַכטן געפינט זיך צו נאָענט פון אונז, — רוקן מיר זיך אָפּ און דאַמאָלסט זעען מיר זי גוט.

הינט דערקענען איינער דעם אַנדערן און גיבן זיך איינער דעם אַנדערן צייכנס לויטן ריח.

נאָך אַנטוויקלטער איז דער שמעק־חוש ביי אינזעקטן. אַ בין פליט גלייך אויף יענער בלום, וואָס זי באַדאַרף; אַ וואָרעם קריכט צו זיין בלאַט; אַ וואַנץ, אַ פליי, אַ מוק דערפילן דעם מענטשן אויף הונדערט טויזנט וואַנצישע טריט.

די טײלעכלעך, וואָס טיילן זיך אָפּ פון יעדער מאַטעריע און טרעפן צו אונז אין נאָז אַריין, זיינען זייער קליין, היינט ווי קליין דאַרפן זיין יענע טיילעכלעך, וואָס דער שמעק־חוש פון אינזעקטן נעמט זיי אויף.

## טאַפּ־חוש און זע־חוש (ראיה).

פלעכט צונויף דעם וויז־פינגער מיטן מיטלסטן פינגער און מיט די צונויפגעפלאָכטענע פינגער רירט יעדע ווילע אָן אַ

קליין קייקעלע, אַזוי אַז עס זאָל זיך קייקלען צווישן די צוויי פינגער, און אַליין פאַרמאַך די אויגן. וועט זיך דיר אויסווייזן, אַז עס זיינען דאָ צוויי קייקעלעך, עפן אויף די אויגן, — וועסטו זען, אַז עס איז פאַראַן נאָר איין קייקעלע. די פינגער האָבן דיך אַריינגעבראַכט אין אַ טעות, און די אויגן האָבן דעם טעות באַוויזיקט.

גיב אַ קוק (בעסער פון דער זייט) אויף אַ גוטן ריינעם שפיגל: וועט זיך דיר אויסדאַכטן, אַז דאָס איז—אַ פענסטער אָדער אַ טיר, און אַז דאָרט פון יענער זייט, איז עפּעס פאַראַן. גיב אַ טאַפּ מיטן פינגער, — וועסטו דערזען, אַז דאָס איז — אַ שפיגל. די אויגן האָבן דיך אַריינגעבראַכט אין אַ טעות, די פינגער האָבן דעם טעות באַוויטיקט.

## זיידנשפינער.

ביי מיר אין גאָרטן זיינען געווען מולבער־ביימער (זייד־ביימער). מיין ווידע האָט זיי נאָך פאַרזעצט. הערבסט־צייט האָט מען מיר געגעבן אַ זאַלאַטניק זאָמען פון אַ זיידנשפינער און מען האָט מיך צוגערעדט אויסצוהאָדעווען זיידנשפינער און מאַכן זייד. די זאָמען זיינען טונקל־גרויע און אַזוינע קליינינקע, אַז אין מיין זאַלאַטניק האָב איך אָנגעציילט 5835 שטיק. זיי זיינען קלענער פון דער קלענסטער שפילקע־קעפּל. זיי זיינען אינגאַנצן טויטע; נאָר ווען מען צעקוועטשט זיי, גיבן זיי אַ קנאַק.

די זאָמען האָבן זיך געוואַלגערט ביי מיר אויפן טיש, אוי איך האָב שוין געהאַט פאַרגעסן וועגן זיי.

אָבער איינמאָל פרילינגס־צייט בין איך אַוועק אין גאָרטן און איך האָב באַמערקט, אַז דער קנאָספּ אויפן מולבער־בוים האָט אָנגעהויבן פונאַנדערצולאָזן זיך, און אויף דער זוניקער זייט איז שוין געווען אַ בלאַט. איך האָב זיך דערמאָנט וועגן די זאָמען פון די וערעם, בין געקומען אַהיים, האָב פונאַנדער־געוואָרפן די זאָמען און גענומען זיי באַטראַכטן. די גרעסטע טייל פון די קערנדלעך זיינען שוין ניט געווען קיין טונקל־גרויע, ווי פריער, אייניקע זיינען געוואָרן העל־גרויע. אַנדערע נאָך העלער מיט אַן אָפּגלאַנץ פון מילך.

אויפן צווייטן פרימאָרגן האָב איך אַ קוק געטאָן אויף די

161

אייעלעך און האָב דערזען, אַז פון אַ טייל אייעלעך זיינען שוין אַרויס די ווערעמלעך, און די איבעריקע אייעלעך זיינען אָנגעשוואָלן און אָנגעגאָסן געוואָרן. זיי האָבן אַפּנים, דערפילט אין זייער שאָלעכץ, אַז זייער עסן איז שוין צייטיק געוואָרן.

די ווערעמלעך זיינען געווען שוואַרצע, האָריקע, און אַזעלכע קליינינקע, קוים צו דערזען. איך האָב גענומען קוקן אויף זיי דורך אַ שפּאַקטיוו און איך האָב באַמערקט, אַז אינעם אייעלע ליגן די ווערעם צונויפגעדרייט אין אַ רינגעלע און ווי נאָר זיי גייען אַרויס, גלייכן זיי זיך אויס. איך בין אַוועק איז גאָרטן נאָך מוילבער=בלעטער, אָנגעריסן אַ דריי הויפנס, אַוועקגעלייגט זיי צו זיך אויפן טיש און אָנגעהויבן צוגרייטן פאַר די ווערעם אַן אָרט, אַזוי ווי מען האָט מיך געלערנט.

איך האָב נאָך געהאַלטן ביים גרייטן דעם פּאַפּיר און די ווערעם האָבן שוין דערפילט זייער שפּייז און זיינען צוגעקראָכן צו מיר. איך האָב אָפּגערוקט דעם בלאַט און גענומען מיט אים רייצן די ווערעם, און זיי האָבן ווי הינט נאָך אַ שטיקל פלייש, געפּויזעט איבערן געוואַנט פונעם טיש, דורך בלייערס, דורך דער שערל און דורך פּאַפּיר. דאַמאָלסט האָב איך אָנגעשניטן פּאַפּיר און דורכגעשטאָכן עס מיט אַ מעסערל. אויפן פּאַפּיר האָב איך אַוועקגעלייגט די בלעטער און דאָס אַלץ (דעם פּאַפּיר מיט די בלעטער) געלייגט אויף די ווערעם. די ווערעמלעך זיינען אַדורכגעקראָכן דורך די לעכעלעך, האָבן אַלע אַרויפגעקלעטערט אויפן בלאַט, און זיך צוגעכאַפּט באַלד צום עסן.

און ווען די איבעריקע ווערעם האָבן זיך אויסגעפּיקט, האָב איך אויף זיי אויך אַרויפגעלייגט דעם פּאַפּיר מיט די בלעטער, און אויך זיי זיינען דורכגעקראָכן דורך די לעכעלעך און האָבן באַלד גענומען עסן. אויף יעדן בויגן פּאַפּיר האָבן זיך אַלע ווערעמלעך צונויפגעקליבן אין איין אָרט און אָנגעהויבן אַרומצובייסן די בלעטער פון די עקן. שפּעטער, ווען זיי האָבן שוין אַלץ אויפגעגעסן, זיינען זיי געקראָכן אויפן פּאַפּיר און האָבן געזוכט פרישן שפּייז. דאַמאָלסט האָב איך אַרויפגעלייגט אויף זיי נייע בויגנס געלעכערטע פּאַפּיר מיט מוילבער=בלעטער, און זיי זיינען אַריבערגעקראָכן אויפן פרישן שפּייז.

זיי זיינען געלעגן ביי מיר אויף דער פּאָליצע, און ווען קיין בלעטער זיינען ניט געווען, האָבן זיי געפּויזעט איבער דער

פֿאָליצע און צוגעפּויזעט צום סאַמע ברעג, אָבער אַראָפּגעפֿאַלן זיינען זיי ניט, ניט געקוקט, וואָס זיי זיינען בלינדע. ווי נאָר דער וואָרעם קריכט צו צום אַראָפּהאַנג, לאָזט ער פֿריער אַרויס פֿון מויל אַ שפּינוועבס, קלעפּט זיך צו אויף דעם צום ברעג, לאָזט זיך אַראָפּ, הענגט אַ ביסל, קוקט זיך אַרום, און אויב ער וויל זיך אַראָפּלאָזן, — לאָזט ער זיך אַראָפּ, און אויב ער וויל זיך אומקערן צוריק, ציט ער זיך אַרויף אויפֿן שפּינוועבס.

גאַנצענע טעג האָבן די ווערעמלעך נאָר איין אַרבעט געהאַט — צו עסן. און מען האָט זיי באַדאַרפֿט אַלץ מער און מער בלעטער דערלאַנגען. ווען מען ברענגט זיי אַ פֿרישן בלאַט, און זיי קלייבן זיך אַרויף אויפֿן בלאַט, ווערט אַזאַ רעש, פּונקט ווי עס פֿאַלט אַ רעגן אויף בלעטער. דאָס הייבן זיי אָן עסן אַ פֿרישן בלאַט.

אויף אַזאַ אופֿן האָבן די עלטערע ווערעמלעך דורכגעלעבט פֿינף טעג. זיי זיינען שוין זייער אויסגעוואַקסן און גענומען עסן צען מאָל אַזוי פֿיל, ווי פֿריער. אויפֿן פֿינפֿטן טאָג, האָב איך געוווסט, דאַרפֿן זיי איינשלאָפֿן, און איך האָב אַלץ געוואַרט אויף דעם. צום אָוונט צו אויפֿן פֿינפֿטן טאָג, איז איין עלטערער וואָרעם, ווירקלעך, צוגעקלעפּט געוואָרן צום פּאַפּיר און ער האָט אויפֿגעהערט צו עסן און צו רירן זיך.

אויפֿן צווייטן מעת־לעת האָב איך לאַנג געהיט אים, איך האָב געוווסט, אַז די ווערעם בייטן עטלעכע מאָל די הויט, ווייל זיי וואַקסן אויס, עס ווערט זיי ענג די פֿריערדיקע פֿעל און זיי נעמען אַרויף אויף זיך אַ נייע פֿעל.

מיר האָבן זיך געביטן מיט מיין חבר ביי דער וואַך. אין אָוונט האָט מיין חבר זיך צעשריען: „ער האָט זיך אָנגעהויבן אויסצוטאָן, גייט גיכער!“ איך בין געקומען און איך האָב דערזען, אַז דער וואָרעם האָט זיך צוגעקלעפּט מיט דער אַלטער פֿעל צום פּאַפּיר, ער האָט דורכגעריסן לעבן מויל אַ לאָך, האָט אַרויסגערוקט דעם קאָפּ, און גענומען אָנשטרענגען זיך, זיך דרייען אין אַלע זייטן — כּדי אַרויסצורייסן זיך, אָבער די אַלטע העמד האָט אים ניט געלאָזט. לאַנג האָב איך געקוקט אויף אים, ווי ער האָט זיך געמאַטערט און ניט געקאָנט אַרויסקריכן, און מיר האָט זיך פֿאַרוואָלט העלפֿן אים. איך האָב קוים־קוים אַ טאָרקע געטאָן מיטן נאָגל, אָבער איך האָב באַלד

דערזען, אַז איך האָב געטאָן אַ נאַרישקייט. אונטערן נאָגל ביי מיר איז געוואָרן נאַס, און דער וואָרעם האָט זיך אויפגעהערט באַוועגן. איך האָב געמיינט, אַז ביי מיר אונטערן נאָגל איז וואָרעם=בלוט, אָבער שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אַ וואָ= רעם האָט אונטער דער הויט אַ פּליסיקן זאַפט — כּדי זיין העמדל זאָל מיט דער שמירעכץ גרינגער אַראָפּ. מיטן נאָגל האָב איך, אַפּנים, געפּטרט זיין ניי העמדל, ווייל דער וואָרעם איז אַפילו אַרויסגעקראָכן, אָבער ער איז באַלד געשטאָרבן.

די איבעריקע האָב איך שוין ניט געטשעפּעט, און זיי זיינען אַלע אַרויסגעקראָכן פון זייערע העמדלעך; נאָר אייניקע זיינען אומגעקומען, און הגם זיי האָבן זיך לאַנג געמאַטערט, זיינען כמעט אַלע אַרויסגעקראָכן פון דער אַלטער העמד.

ווען די ווערעם האָבן איבערגעביטן די הויט, האָבן זיי אָנגעהויבן שטאַרקער צו עסן, און עס איז אַוועקגעגאַנגען אויף זיי נאָך מער בלעטער. אין 4 טעג אַרום זיינען זיי ווייטער אַנט= שלאָפן געוואָרן און ווייטער אָנגעהויבן אַרויסצוקריכן פון דער פעל. זיי האָבן נאָך מער בלעטער אויפגעגעסן, און זיי זיינען שוין געווען אויף אַן אַכטל ווערשאָק די גרייס. אין זעקס טעג אַרום זיינען זיי ווייטער אַנטשלאָפן געוואָרן און ווייטער אַרויס אין אַ נייער פעל און זיינען געוואָרן זייער גרויס און דיק, און מיר האָבן קוים באַוויזן אָנצוגרייטן פאַר זיי בלעטער.

אויפן ניינטן טאָג האָבן די עלטערע ווערעם אינגאַנצן אויפגעהערט צו עסן און גענומען קריכן אַרויף איבער די פּאָ= ליצעס און איבער די ווילן. איך האָב זיי צונויפגעקליבן און איך האָב זיי געגעבן פרישע בלעטער, אָבער זיי האָבן זיך אָפּגעקע= רעוועט פון די בלעטער און זיינען פון זיי אַוועקגעקראָכן. דאַ= מאָלסט האָב איך זיך דערמאָנט, אַז ווען די ווערעם זיינען גרייט צו פאַרוואַנדלען זיך אין לעלעכלעך, הערן זיי אינגאַנצן אויף צו עסן און קריכן אַרויף.

איך האָב זיי געלאָזט צורו און גענומען זיך צוקוקן, וואָס וועלן זיי טאָן. די עלטערע זיינען אַרויפגעקראָכן אויף דער סטעליע, זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען און יעדערער האָט באַזונ= דער גענומען פויזען און בשעת מעשה דורכציען אַ שפּינוועבס= פעדעמל אין אַלע זייטן. איך האָב אַכטונג געגעבן אויף איינעם. ער איז פאַרקראָכן אין אַ ווינקל, דורכגעצויגן אַ פעדעמלעך

זעקס אין אַלע זייטן אויף אַ ווערשאָק פֿון זיך, זיך אַרויפֿגעהאַנגען אויף זיי, איבערגעבויגן זיך אויף האַלב אין אַ פֿאָרם פֿון אַ פֿאָדקעווע, אָנגעהויבן צו דרייען מיטן קאָפּ און אַרויסצולאָזן אַ זיידענעם שפּינוועבס, אויף אַזאַ אופֿן, אַז דער שפּינוועבס האָט זיך געוויקלט אַרום אים. צו אָוונט צו איז ער שוין געווען אַרומגערינגלט מיטן שפּינוועבס, ווי מיט אַ נעבל, אַזוי אַז מען האָט אים קוים אָנגעזען; און אויף מאָרגן האָט מען אים שוין אינגאַנצן ניט אַרויסגעזען פֿון צווישן דעם שפּינוועבס, — ער האָט זיך אינגאַנצן אַרומגעוועבט מיט זייד און האָט נאָך געהאַלטן אין איין וועבן.

אין דריי טעג אַרום האָט ער אויפֿגעהערט צו וועבן און האָט זיך אויפֿגעהערט צו באַוועגן.

שפּעטער האָב איך זיך דערוווסט, וויפֿיל שפּינוועבס אין דער לענג לאָזט ער אַרויס אין משך פֿון די דריי טעג: ווען מען צעוויקלט זיין גאַנצן שפּינוועבס, קומט אויס אַמאָל מער ווי אויף אַ ווערסט, און זעלטן ווייניקער. און אויב מען זאָל איבערציילן וויפֿיל מאָל דער וואָרעם דאַרף אַ דריי טאָן מיטן קאָפּ אין משך פֿון די דריי טעג, כּדי אַרויסצולאָזן דעם שפּינוועבס, וועט אויסקומען, אַז ער וועט זיך אין משך פֿון די דריי טעג אויסדרייען אַרום זיך 300.000 מאָל. דאָס הייסט, אַז אָן אַן אויפֿהער, טוט ער זיך יעדע רגע אַ דריי. דערפֿאַר אָבער נאָך דער אַרבעט, ווען מיר האָבן אַראָפּגענומען עטלעכע לעלעכלעך און האָבן זיי צעבראָכן, האָבן מיר געפֿונען אין די לעלעכלעך אינגאַנצן אויסגעטריקנטע ווערעמלעך, ווייסע, ווי וואַקס.

איך האָב געוווסט, אַז פֿון די לעלעכלעך מיט די ווייסע חלבנע מתים אינוויייניק דאַרפֿן אַרויס פֿלאַטערלעך, אָבער בשעת איך האָב געקוקט אויף זיי, האָב איך זיך עס ניט געקאָנט פֿאָרשטעלן. אָבער אויפֿן צוואַנציקסטן טאָג האָב איך דאָך אָנגעהויבן צוקוקן זיך צו די ווערעמלעך, וואָס איך האָב געלאָזט ביי זיך.

אויפֿן צוואַנציקסטן טאָג, האָב איך געוווסט, דאַרף פֿאָרקומען אַן ענדערונג. מען האָט גאָרניט ניט געזען, און איך האָב שוין געטראַכט, אַז עפּעס איז ניט גלאַט, אָבער פּלוצים האָב איך באַמערקט, אַז ביי איין לעלעכל איז דער עק שוואַרץ און נאַס געוואָרן. איך האָב שוין אַ טראַכט געטאָן, אַז אפֿשר איז דאָס

לעלעכל קאַליע געוואָרן, און מען דאַרף אים אַרויסוואַרפן. אָבער שפּעטער האָב איך אַ טראַכט געטאָן: אפשר הייבט זיך אַזוי אָן? און האָב גענומען קוקן, וואָס עס וועט דאָ זיין, און טאַקע, פון דעם נאַסן אָרט האָט זיך עפּעס אָנגעהויבן צו רירן. איך האָב לאַנג ניט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס איז דאָס. אָבער שפּעטער האָט זיך באַוויזן עפּעס ענלעכס אויף אַ קעפּל מיט וואָנצעלעך. די וואָנצעלעך האָבן זיך באַוועגט. שפּעטער האָב איך באַמערקט, אַז דורכן לעכל האָט זיך דורכגעשטופּט איין פּיסל, שפּעטער אַ צווייטס, און די פּיסלעך האָבן זיך געקלאַ- מערט און געדראַפּעט זיך פון דעם לעלעכל אַרויס. אַלץ מער און מער האָט זיך עפּעס געריסן פון דאָרטן, און איך האָב דערזען אַ נאַסן פלאַטערל. ווען עס זיינען אַרויס אַלע זעקס פּיסלעך, איז אויך דער אונטן אַרויסגעשפּרונגען, דאָס פלאַ= טערל איז אַרויסגעקראָכן און האָט זיך באַלד צוגעזעצט. ווען דאָס פלאַטערל האָט זיך אויסגעטריקנט, איז עס געוואָרן ווייס, עס האָט צענומען די פליגל, אַ ביסל אַ פלי געטאָן, זיך אַ דריי געטאָן און האָט זיך צוגעזעצט אויפן פענסטער.

אין צוויי טעג אַרום האָט דאָס פלאַטערל געלייגט אייער אויפן פענסטער=ברעטל און האָט זיי צוגעקלעפּט צום פענסטער. די אייעלעך זיינען געווען געלע. 25 פלאַטערלעך האָבן געלייגט אייער. און איך האָב אָנגעקליבן 5000 אייעלעך.

אויפן צווייטן יאָר האָב איך אויסגעהאָדעוועט נאָך מער ווערעם און האָב פון זיי געהאַט נאָך מער זייד.

# מעשיות פון באָטאַניק.

## עפּל-ביימער.

איך האָב פאַרזעצט צוויי הונדערט יונגע עפּל=ביימער, און דריי יאָר נאָכאַנאַנד, פרילינג און הערבסט, האָב איך זיי אַרומגעגראָבן און אויף ווינטער אַרומגעוויקלט מיט שטרוי, כדי זיי צו באַוואָרענען פון האָזן. אויפן פערטן יאָר, ווען דער שניי איז צעגאַנגען, בין איך אַרויס אַ קוק טאָן אויף זיי. זיי זיינען דיקער געוואָרן פאַרן ווינטער, און די קאָרע זייערע איז געוואָרן אַ גלאַנצנדיקע און אָנגעגאָסענע; אַלע צווייגלעך זיינען געווען גאַנץ, און אויף אַלע עקן און אָפּבויגן זיינען געזעסן בלומען=קנאָספּן, קיילעכדיקע, ווי אַרבעסלעך. וו ניט וו האָבן שוין די קנאָספּן געפּלאַצט און עס האָבן זיך אַרויסגעזען העל=רויטע עקן פון בלומען=בלעטער. איך האָב געוווסט, אַז פון אַלע קנאָספּן וועלן ווערן בלומען און פירות, און איך האָב זיך געפרייט מיט מיינע עפּל=ביימער. אָבער ווען איך האָב צעוויקלט מיין ערשטן עפּל=בוים, האָב איך דערזען, אַז אונטן, פונקט לעבן דער ערד, איז די קאָרע פונעם עפּל=בוים אַרומגעגריזשעט אַרום און אַרום ביזן האָלץ=קערפּער — ווי אַ ווייסער רינג. געטאָן האָבן עס די מייז. איך האָב צעוויקלט דעם צווייטן בוים — אויף אים איז אויך געווען דאָס זעלבע. פון צוויי הונ=דערט ביימער איז קיין איינער ניט געבליבן גאַנץ. איך האָב פאַרשמירט די אָפּגעגריזשעטע ערטער מיט פעך און חלב: נאָר ווען די עפּל=ביימער האָבן זיך צעבליט, זיינען די בלומען זייערע באַלד אַראָפּגעפאַלן. עס האָבן זיך באַוויזן קליינינקע בלעטע=

לעך, וואָס זיינען פאַרוועלקט און פאַרטריקנט געוואָרן. די קאָרע האָט זיך צונויפגעקאָרטשעט און שוואַרץ געוואָרן. פון צוויי הונ־דערט ביימער איז געבליבן נאָר ניין. אויף די ניין ביימער איז די קאָרע ניט געווען אַרומגעגעסן אַרום און אַרום, און אין דעם ווייסן רינג איז געבליבן אַ פּאַסיקל קאָרע. אויף די פּאַסיקלעך אין יענעם אָרט, ווו די קאָרע איז זיך צונויפגעגאַנגען, זיינען געוואָרן אָנוווקסן, די עפּל־ביימער האָבן אַ ביסל געקרענקט, אָבער דאָך האָבן זיי זיך אַרויסגעדרייט. די איבעריקע זיינען אַלע אומגעקומען. נידעריקער פון די אָפּגעגריזשעטע ערטער זיינען אַרויס שפּראָצונגען, אָבער אַלע ווילדע.

די קאָרע ביי די ביימער — איז דאָס זעלבע וואָס די אָדערן ביי אַ מענטשן: אַזוי ווי ביי אַ מענטשן גייט דאָס בלוט דורך די אָדערן, אַזוי גייט דער זאַפט איבערן בוים און הייבט זיך אויף אין די צווייגן, בלעטער און געבלים דורך דער קאָרע. מען קאָן ביי אַ בוים אויסהוילן דעם גאַנצן האָלץ־קערפּער, ווי עס טרעפט זיך ביי אַלטע הושענא־ביימער, אָבער ווען נאָר די קאָרע בלייבט גאַנץ, דאַמאָלסט לעבט דער בוים. אָבער אויב די קאָרע ווערט געפּטרט, איז שוין דער גאַנצער בוים פאַר־פאַלן. ווען מען שניידט אויף ביי אַ מענטשן די אָדערן—שטאַרבט ער, ווייל, ערשטנס, רינט פון אים אַרויס דאָס בלוט, און צווייטנס, האָט שוין ניט דאָס בלוט קיין וועג פאַר זיך איבערן קערפּער.

אַזוי ווערט אַ בירקן־בוים פאַרטריקנט, ווען חברה־לייט דלובען אין אים אויס אַ לעכל, כדי צו טרינקען דעם זאַפט, און דער גאַנצער זאַפט רינט דערביי אויס.

אַזוי זיינען אויך די עפּל־ביימער אומגעקומען, ווייל די מייז האָבן אַרומגעגעסן די קאָרע אַרום און אַרום, און דער זאַפט האָט ניט געהאַט קיין וועג פון די וואָרצלען אין די צווייגן, אין די בלעטער און אין דעם געבלים.

## דער אַלטער הימל־בוים.

אין משך פון פינף יאָר איז אונזער גאָרטן געווען פאַר־לאָזט; איך האָב געדונגען אַרבעטער מיט העק און גראָב־אייזנס און אַליין גענומען אַרבעטן מיט זיי אין גאָרטן. מיר

האָבן אויסגעהאַקט און אויסגעשניטן דעםווידערוווקס און ווילדפרעט, און אויך די ניט נייטיקע קוסטעס און ביימער. מער פון אַלע ביימער האָבן זיך צעוואַקסן און האָבן געשטערט די איבעריקע ביימער דער הימל-בוים און פויל-בוים (טרויבנ-קאַרשנבוים). דער הימל-בוים גייט פון די וואָרצלען, מען קאָן אים ניט אויסגראָבן, ביז מען וועט אין דער ערד ניט אויסהאַקן די וואָרצלען. אויף יענער זייט טייכל איז געשטאַנען אַ ריזיק גרויסער הימל-בוים. אַרום אים איז געווען אַ לאָנקע; זי איז געווען אינגאַנצן פאַרוואַקסן מיט שפּראָצונגען פון הימל-בוים. איך האָב געהייסן זיי אויסהאַקן: מיר האָט זיך געוואָלט, אַז דער אָרט זאָל אויסזען פריילעכער, און דער עיקר האָב איך געוואָלט גרינגער צו מאַכן דעם אַלטן הימל-בוים, ווייל איך האָב געמיינט, אַז די אַלע יונגע ביימער גייען אַרויס פון אים און ציען אַרויס פון אים דעם זאַפט. בשעת מיר האָבן אויסגעהאַקט די יונגע הימל-ביימלעך, איז מיר צייטנווייז אַ שאָד געווען צו קוקן, ווי מען צעהאַקט אונטער דער ערד די זאַפטיקע וואָרצלען, ווי שפּעטער שלעפּן מיר אין פירן און קאָנען ניט אַרויסרייסן אַן אונטערגעהאַקטן הימל-ביימל. ער האָט זיך געהאַלטן מיט אַלע כוחות און ניט געוואָלט שטאַרבן. איך האָב אַ טראַכט געטאָן: די ביימלעך דאַרפן, אַפּנים, לעבן, אויב זיי האַלטן זיך אַזוי שטאַרק פאַרן לעבן. אָבער מען האָט געדאַרפט האַקן, און איך האָב געהאַקט. ערשט שפּעטער, ווען עס איז שוין געווען פאַרפאַלן, האָב איך זיך דערוווסט, אַז מען האָט אינגאַנצן ניט געדאַרפט זיי אויסראָטן.

איך האָב געמיינט, אַז די שפּראָצונגען ציען דעם זאַפט פון דעם אַלטן הימל-בוים, און געווען איז פּונקט פאַרקערט: ווען איך האָב זיי געהאַקט, האָט שוין דער אַלטער הימל-בוים געהאַלטן ביים שטאַרבן. ווען די בלעטער האָבן זיך צעלאָזט, האָב איך דערזען (דער בוים האָט זיך פונאַנדערגעטיילט אויף צוויי צווייגן), אַז איין טייל איז אינגאַנצן געווען אַ הוילער; און אין דעם זעלבן זומער איז ער פאַרטריקנט געוואָרן. דער בוים האָט שוין געהאַלטן ביים שטאַרבן, ער האָט עס געוווסט, און האָט איבערגעגעבן זיין לעבן די שפּראָצונגען.

דערפאַר האָבן זיי זיך אַזוי גיך צעוואַקסן, און איך האָב אים געוואָלט גרינגער מאַכן און האָב אויסגעהאַקט אַלע זיינע קינדער.

## דער פויל=בוים (טרויבנקאַרשנבוים).

איין פויל=בוים איז אויסגעוואַקסן אויפן שטעגל פון די ניסן=ביימער און האָט פאַרשטעלט די ניסן=קוסטעס. לאַנג האָב איך זיך איבערגעלייגט — האַקן צי ניט האַקן דעם פויל=בוים: מיר איז געווען אַ שאָד. דער פויל=בוים איז געווען ניט עפּעס דאָרט אַ קוסט, נאָר אַ גאַנצער בוים, אַ ווערשקעס דריי אין דער ברייט און אַ קלאַפּטער 4 אין דער הייך, ער איז געווען אינגאַנצן אַ צעצווייגטער, אַ געגרייזלטער, און אינגאַנצן אַ באַשאָטענער מיט אַ גרעלן, ווייסן, שמעקעדיקן געבלים. דער ריח זיינער האָט זיך געטראָגן פון דער ווייטן. איך בין שוין געווען גרייט אים לאָזן צורו, אָבער איינער פון די אַרבעטער (איך האָב אים פריער געהייסן באַזייטיקן אַלע פויל=ביימער) האָט אָן מיר אָנגעהויבן אים האַקן. ווען איך בין צוגעקומען, האָט ער זיך שוין אַריינגעהאַקט אין אים אויף אַן אָנדערטהאַלבן ווערשקעס, און דער זאַפט האָט אַזש געיושעט אונטערן האַק, ווען ער האָט אָנגעטראָפן אין דעם פריערדיקן קאַרבן. „וואָס קען מען טאָן, אַזוי, ווייזט אויס, באַשערט", האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אַליין גענומען די האַק און אָנגעהויבן צו האַקן צוזאַמען מיטן פויער.

יעדע אַרבעט איז פריילעך צו טאָן: פריילעך איז אויך צו האַקן. עס איז פריילעך פון דער זייט טיף אַריינצוזעצן די האַק און שפּעטער גלייך אונטערהאַקן דעם אָנגעהויבענעם אָרט, און אַלץ ווייטער און ווייטער אַריינרייסן זיך אין בוים.

איך האָב אינגאַנצן פאַרגעסן וועגן דעם פויל=בוים און נאָר געוואָלט וואָס גיכער אומוואַלגערן אים. ווען איך האָב זיך פאַרמאַטערט, האָב איך אַנידערגעלייגט די האַק, זיך אָנגעשפּאַרט מיטן פויער אין בוים און געפּרווט אים איינוואַלגערן. מיר האָבן אים אַ שאָקל געטאָן: דער בוים האָט געגעבן אַ צאַפּל מיט אַלע בלעטער, האָט אונז באַשפּריצט מיט טוי און באַשאָטן מיט ווייסע שמעקעדיקע קרוין=בלעטלעך.

און דאָ האָט פּלוצים עפּעס אויסגעשריען, און אַ קראַך געטאָן אינווייניק אין בוים; מיר האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו אים, און אינווייניק האָט עפּעס זיך פּונקט ווי צעוויינט, צעקנאַקט זיך, און דער בוים האָט געגעבן אַ פאַל. ער האָט זיך צעריסן ביים קאַרבן און האָט זיך וואַקלענדיק אַ לייג געטאָן מיט די צווייגן

און בלומען אויף דער גראָז. די צווייגן און בלומען האָבן אַ ציטער געטאָן נאָכן פאַל און זיינען געבליבן שטיל.

„עך, אַ זעלטענע זאַך געווען!—האָט דער פויער געזאָגט—אַ שאָד!" אויך מיר איז אַזאַ שאָד געווען, אַז איך בין וואָס גיכער אַוועק צו די אַנדערע אַרבעטער.

## ווי אַזוי ביימער גייען.

איינמאָל האָבן מיר געריייניקט אויף אַ בערגל לעבן טייכל אַ פאַרוואַקסן שטעגל. מיר האָבן אויסגעהאַקט דעם ווילדן רויזן־קוסט, דעם הושענא־בוים, הימל־בוים און שפּעטער זיינען מיר צוגעקומען צום פויל־בוים. ער איז געוואַקסן פּונקט אויפן וועג און איז געווען דיק און זייער אַלט, פון אַ יאָר צען געווים. און מיט פינף יאָר צוריק, האָב איך געוווסט, איז דער גאָרטן גע־רייניקט געוואָרן. איך האָב בשום אופן ניט געקאָנט פאַרשטיין, ווי אַזוי האָט געקאָנט דאָ אויסוואַקסן אַזאַ אַלטער פויל־בוים. מיר האָבן אים אַראָפּגעהאַקט און זיך געלאָזט ווייטער, און ווייטער, אין אַ געדיכטן אָרט, איז געוואַקסן אַ צווייטער פויל־בוים, נאָך אַ דיקערער פון דעם ערשטן. איך האָב באַטראַכט זיין וואָרצל, און איך האָב דערזען, אַז ער וואַקסט אונטער אַן אַלטן לינדן־בוים. דער לינדן־בוים האָט מיט די צווייגן פאַר־שטעלט אים די שיין, און דער פויל־בוים האָט זיך אויסגעצויגן גלייך אויף דער ערד אויף אַן אַרשין פינף, און ווען ער איז אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין, האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ און גענומען בליען. איך האָב אים אונטערגעהאַקט ביים וואָרצל און האָב זיך געחידושט, וואָס דער וואָרצל איז אַזוי פויל אין דער צייט, ווען ער אַליין איז זייער פריש. ווען איך האָב אים אונטערגעהאַקט, האָבן מיר צוזאַמען מיט די פויערים גענומען אים שלעפּן; אָבער וויפיל מיר האָבן אים ניט געשלעפּט, האָבן מיר אים ניט געקאָנט רירן פון אָרט. ער איז פּונקט ווי צוגע־קלעפּט געוואָרן. איך האָב געזאָגט: „גיב אַ קוק, אפשר האָט ער זיך ערגעץ פאַרטשעפּעט". דער אַרבעטער איז אַרונטערגע־קראָכן אונטערן בוים און האָט זיך צעשריען: „ער האָט נאָך אַ צווייטן וואָרצל, אָט דאָ אויפן וועג!" איך בין צוגעקומען און איך האָב דערזען, אַז ער האָט געזאָגט אַן אמת.

כדי דער לינדן=בוים זאָל אים ניט פאַרשטעלן, איז דער פויל=בוים אַריבער פון אונטערן לינדן=בוים אויפן שטעגל, אויף אַן אַרשין דריי פון דעם פריערדיקן וואָרצל. יענער וואָרצל, וואָס איך האָב אונטערגעהאַקט, איז געווען אַ פוילער און טרוקענער און דער נייער איז געווען אַ פרישער. דער פויל=בוים האָט, אַפנים, דערפילט, אַז לאַנג לעבן אונטער דעם לינדן=בוים וועט ער ניט, האָט ער זיך אויסגעצויגן, זיך פאַרטשעפעט מיט אַ צווייגל פאַר דער ערד, געמאַכט פון צווייגל אַ נייעם וואָרצל, און דעם אַלטן וואָרצל האָט ער פאַרלאָזט. ערשט דאַמאָלסט האָב איך פאַרשטאַנען, אויך וואָס פאַר אַן אופן איז אויפן שטעגל אויסגעוואַקסן דער ערשטער פויל=בוים. ער האָט, אַפנים, אויך געטאָן דאָס זעלבע, אָבער באַוויזן איינגאַנצן אָפצוואַרפן דעם אַלטן וואָרצל, אַזוי אַז איך האָב אים אַפילו ניט געקאָנט געפינען.

---